# ישראל און „דער נייער לינקס"

(זאַמלהעפט)


רעדאַגירט:

**יהודה גאָטהעלף**

באַטייליקטע:

חנוך ברטוב, פראָפ. לעאָן דוכאָוונע, אברהם תרשיש, דב בר־ניר,
מנחם קאַפעליוק, יצחק מאור, אברהם וואָלפנזאָן, זאב גאָלדבערג.



באַטראַכטונגען און מיינונגען

אַרויסגעבער: ציוניסטישע אַרבעט־באַוועגונג

# אינהאַלט



דער דאָזיקער זאַמלהעפט (ישראל און „דער נייער לינקס") איז אויך דערשינען אין העברעיש, ענגליש, פראַנצויזיש און שפּאַניש.

# אַרייַנפיר

די דאָזיקע בראָשור — די ערשטע פון אַ סעריע בראָשורן, וועלכע וועלן זיין געווידמעט דער אויפקלערונג פון די פּראָבלעמען פון דעם יידישן פאָלק און זיין אַרבעט־באַוועגונג אין די תפוצות און אין ישראל — באַשעפטיקט זיך מיט דער באַוועגונג פון דעם „נייעם לינקס" און זיין באַציִונג צום יייִדישן פאָלק און צו מדינת ישראל.

אין פלוג איז דער קרייז אָפּגעשלאָסן. אַז דו באַגעגנסט זיך איצט מיט יידן, וועלכע קומען פון די לענדער פון דעם סאָוויעטישן בלאָק — מענטשן צעבראָכענע, וואָס זענען פאַרגעשטעלט געוואָרן ווי אַ פּוסטע כלי, גייסטיק און אידעיִש — איז גענוג צו כאַפּן אַ בליק אויף זיי און באַשליסן ביי זיך, אַז דער היסטאָרישער ויכוח צווישן דעם ציוניזם און דער מחנה פון רעכטס און לינקס אין משך פון 3 דורות — איז אָפּגעשלאָסן און פאַרענדיקט.

נאָך ביים סוף פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָט דער גרינדער פון דעם פּאָליטישן ציוניזם געזאָגט

„מיר זענען אַ פאָלק. דער פיינט מאַכט פון אונדז — אָן אונדזער ווילן — אַ פאָלק... דער סאָציאַלער קאַמף קען, דעריבער, קעגן אונדז איינגעאָרדנט ווערן אומעטום, ווייל הן אין דער קאַפּיטאַליסטישער מחנה און הן אין דער סאָציאַליסטישער געפינען מיר זיך אויף די סאַמע שוואַכסטע פונקטן...

דער ציוניזם איז, בכן, נישט נאָר אַ טרויעריקע נויטווענדיקייט נאָר אויך — און פאַר מיר בפרט — אַ הערלעכער אידעאַל. אויב די יידן וועלן אים נישט אָננעמען היינט, און איצט, ווען זיי קענען דאָס טאָן מיט כבוד, ווי אַ הערלעכן אידעאַל, וועלן זיי צום סוף אַזוי דערנידעריקט ווערן, אַז זיי וועלן זיין געצוווּנגען אים אָנצונעמען ווי אַ שווערע נויטווענדיקייט און זיי וועלן דאַן נישט קענען דעריך קיינעם באַשולדיקן אַחוץ זיך אַליין".

דער אַנטיסעמיטיזם איז אַזוי אַלט ווי דער גלות. ער האָט אַלע מאָל אָנגענומען אַנדערע פאָרמען: רעליגיעזע, עקאָנאָמישע, געזעלשאַפטלעכע, פּסיכאָלאָגישע, ראַסיסטישע. בעת דער אינקוויזיציע אין שפּאַניע, וואָס איז געקומען נאָך דער „גאָלדענער תקופה", האָט זיך געדוכט, אַז ער האָט דאַן דערגרייכט

זיין הויכפּונקט. ער האָט דאַן געגעבן די יידן אַ ברירה: שטאַרבן אויף קידוש־השם, זיך שמדן, אָדער פאַרטריבן ווערן.

עס האָט זיך געענדיקט דער מיטלאַלטער און עס זענען אָנגעקומען נייע צייטן. די יידן האָבן, ווידער, געפּרוּווט זיך אומקערן און אויסמישן מיט די גויים. פיל האָבן זיך אַסימילירט און פולשטענדיק פאַרשווונדן. אָבער עס איז געקומען אַ נייע כוואַליע פון נאָך אַ מער גרויזאַמען אַנטיסעמיטיזם, געטראָגן דורך אַ פינצטערער ראַסיסטישער באַוועגונג, וואָס האָט באַהערשט צענטערן פון דער אייראָפּעישער קולטור.



ווידער האָבן יידן זיך געטרייסט: דאָס איז אַן אַנטיסעמיטיזם פון אַ סאָציאַלער רעאַקציע, געפלעגט דורך אַן אונטערגייענדיקן קלאַס (די מיטל־קלאַסן), כדי אָפּצוהאַלטן דעם זיג פון דעם אַרבעטער־קלאַס. לאָמיר זיך, אַלזאָ, פאַרבינדן מיטן פּראָלעטאַריאַט, מיט דער ליבעראַלער, סאָציאַליסטישער און קאָמוניסטישער מחנה, ער וועט מאַכן אַ סוף צו דער אָרדענונג פון אונטערדריקונג און ממילא וועט ער אויך לייזן — איין מאָל פאַר אַלע מאָל — די יידן־פראַגע.

אויך די נחמה האָט זיך אַרויסגעוויזן גרונטלאָז. אין די לענדער פון דעם סאָוויעטישן בלאָק האָט מען נישט געלייזט די יידן־פראַגע, נאָר מען האָט גאָר ליקווידירט דאָס יידנטום און אָנגעהויבן רודפן יידן, אַפילו, צוליב ראַסיסטישע טעמים: אַפילו אַן אַסימילירטער ייד — וואָס האָט זיך פולשטענדיק אויסגעמישט מיט די גויים — איז נישט כשר און מען מאַכט מיט אים אַ חשבון פון זיין אָפּשטאַם, פון די זינד פון זיינע עלטערן. אַזוי באַהאַנדלען זיי יידן, וואָס זענען געווען צווישן די טעאָרעטיקער און גרינדער פון דער באַוועגונג און די אויפשטורמער פון דער רעוואָלוציע; יידן, וואָס האָבן איבערגעריסן זייער פאַרבינדונג מיט זייער פאָלק און זיך באַפרייט פון די באַזונדערע יידישע גאולה־באַגערן, ווייל זיי האָבן געגלויבט, אַז זיי לייגן יסודות פאַר אַ נייער וועלט, געבויט אויף גערעכטיקייט, פרייהייט און גלייכהייט — אויך די זיסע אילוזיע האָט געפּלאַצט.



די יידן אין די מערב־לענדער לעבן נאָך ביז דעם היינטיקן טאָג מיט אָט די זיסע אילוזיעס. איז דען נישטאָ קיין אַנטיסעמיטיזם — אַ מאָל אָפן און אַ מאָל פאַרבאַהאַלטן — אין די ציוויליזירטע מערב־לענדער?

נאָך דער גרויסער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט געטראָפן דאָס יידישע פאָלק אין 20סטן יאָרהונדערט און וואָס עס האָט גורם געווען איינע פון די סאַמע פאָרגעשריטנסטע און קולטורעלסטע נאַציעס (אַ פאָלק פון פילאָזאָפן און דיכטער) קענען די יידן מער נישט זיין זיכער מיט זייער לעבן צווישן די

גוים. מען זאָגט אַז „אַן אַנטיסעמיט איז אַ מענטש, וואָס האָט פיינט יידן מער ווי מען דאַרף" און פון אַזאַ שנאה זענען, אַפילו, נישט באַפרייט אונטערגעדריקטע פעלקער.

גרויסע טיילן פון דער יידישער שטודירנדיקער יוגנט אין די פאַראייניקטע שטאַטן באַטייליקן זיך אין דעם קאַמף קעגן דער דיסקרימינאַציע פון נעגער, פונדעסטוועגן איז דער אַנטיסעמיטיזם לעצטנס געוואַקסן דווקא צווישן די נעגער.

ביירד ראַסטין, איינער פון די וויכטיקסטע נעגער־פירער, וואָס האָט אָרגאַניזירט „דעם מאַרש אויף וואַשינגטאָן" און וועלכער פרעדיקט דעם געדאַנק פון פאַרשטאַרקן די ברידערלעכע פאַרבינדונגען צווישן נעגער און יידן, באַמיט זיך צו באַרויִקן די געמיטער און ווייזט אָן, אַז די אַנטיסעמיטן צווישן די נעגער זענען אַ מינדערהייט. ער קלערט אויף דעם ענין און זאָגט: „מענטשן מיט קאָמפּלעקסן האָבן אַזאַ מין פסיכאָלאָגישע, עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע אויפפאַסונג, וואָס זי אַליין, בדרך־הטבע, איז אַן ענין פון אינערלעכער צעטומלעניש און אומבאַלאַנסירטקייט. זיי טענהן, אַז מען דאַרף חרוב מאַכן אַלע אינסטיטוציעס און שאַפן נייע אויף זייער אָרט... אויב די געזעלשאַפט איז פאַרמשפּט אויף אונטערגאַנג און מען דאַרף נישט מאַכן קיין שום רעפאָרמען, דאַן ווערן די אַלע מענטשן, — וואָס האָבן געקעמפט פאַר דער אינטעגראַציע פון די נעגער אין דער דאָזיקער געזעלשאַפט — פשוט דער פיינט. נישט דער קו־קלוקס־קלאַן, נישט דער פאַראיין פון דזשאָן בירטש — נישט זיי זענען די שונאים, נאָר דווקא די, וואָס זענען אַמנאָענטסטן צו דיר. דאָס דאַרפן די יידן פאַרשטיין: מען גרייפט אָן קודם כל די, וועלכע מען האָט ליב; דו גרייפסט אָן די, פון וועלכע דו האָסט עפּעס דערוואַרט; דו גרייפסט אָן די, וואָס האָבן געטראָגן די פאָן פון דעם אידעאַל" (ציטירט לויט „תפוצות ישראל").

ריטשאַרד רובינשטיין, ראַטגעבער פאַר סטודענטן אין בית הלל אין פּיטסבורג, איינער פון די יידישע קעמפער פאַר די רעכט פון די נעגער, איז דערגאַנגען צו מער ניכטערע מסקנות. אין אַן אַרטיקל אין דעם „ריקאָנסטראַקשיאָניסט" שרייבט ער: „איינע פון די טרויעריקע אילוזיעס פון די ליבעראַלן איז דער גלויבן, אַז דווקא די מעסיקע עלעמענטן וועלן זיגן אויף דער פּאָליטישער אַרענע. אַ מעסיקע פּאָליטיק איז גוט נאָר אין רויִקע צייטן. אין תקופות, אָבער, פון אומרו און אויפברויזן, האַנדלען גרופּן און יחידים מער ספּאָנטאַן און לויט פּרימיטיווע געפילס־אָנרעגונגען. נישט געקוקט אויף דער דערפאַרונג פון דער נייער געשיכטע, ווילן נישט די יידישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס פאַרנעמען זיך מיט די באַציִונגען צווישן עדות, אָנערקענען אָט די ווירקלעכקייט און מודה זיין, אַז די פירער פון דעם שוואַרצן כוח דריקן אויס די אמתע שטים פון די אַמעריקאַנער נעגערס"...

„אפשר וועט דאָס זיין שווער פאַר יידן מודה צו זיין, אָבער דער אמת איז, אַז זייער מצב אין דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט איז ווייניקער זיכער, ווי דער מצב פון די נעגער. די יידן רייסן די אויגן און זיי געפינען זיך אויפן שפּיץ פון דעם עקאָנאָמישן לייטער, נישט באַזיצנדיק דערביי קיין ממשותדיקן כוח. זיי דערוועקן קנאה, טיילמאָל, שנאה און עס איז לייכט זיי אַרויסצושטויסן פון זייערע פּאָזיציעס. אַזאַ זאַך איז שוין געשען ערגעץ און דאָס קען געשען אויך דאָ. די יידן האָבן אַפילו נישט קיין כוח, ווי נישט איז, צו שטערן דעם גאַנג פון לעבן, בעת אַזאַ זאַך איז אַ ממשותדיקער וואָפן אין די הענט פון די נעגער״.

זיין מסקנה: „די נעגער זענען גערעכט, ווען זיי זאָגן, אַז זיי דאַרפן נישט די הילף פון יידן און זיי ווילן איר נישט אַפילו. אָן ספק, די מעסיקע און אפשר אויך די עקסטרעמע נעגער־אָרגאַניזאַציעס וועלן ווייטער אויסנוצן די הילף פון די ווייסע לטובת זייער קאַמף, אָבער זיי וועלן שטרעבן, וואָס ווייטער אַלץ מער צו פירן דעם קאַמף דורך זיי אַליין״.



וועלן מיר צוליב דעם זיך מייאש זיין פון די אידעען פון ליבעראַליזם, סאָציאַליזם, פעלקער־פאַרברידערונג און ווערן שאָוויניסטן? חלילה, מען טאָר נישט אָנווערן דעם גלויבן אין מענטשלעכן פּאָרשריט. נישט געקוקט אויף אַלע אַנטוישונגען און היסטאָרישע פאַרקריפּלונגען, איז די אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט אַ פּראָצעס און אַ וויזיע. אָן דער דאָזיקער מענטשלעכער האָפנונג, האָט אויך אונדזער נאַציאָנאַלער ווידעראויפבוי קיין שום תכלית און טעם.

עס זענען פאַראַן פּסיכאָלאָגן, וואָס טענהן, אַז טעראָר ליגט אין דער נאַטור פון מענטש. אַנדערע ווידער האַלטן, אַז טעראָר איז בעיקר אַ רעזולטאַט פון קאָמפּלעקסן. אַזוי אָדער אַנדערש: די וועלט איז נאָך פול מיט מאָרד און טעראָר און די יידן זענען אַ באַקוועמער אָביעקט פאַר שלעכטע אינסטינקטן: די אַנטיסעמיטן זעען אין די יידן אַן אינטערנאַציאָנאַלע מאַכט און גלייכצייטיק דערמיט האַלטן זיי, אַז עס איז לייכט זיי צו טרעטן מיט די פיס אַלס אַ מינ־דערהייט און דורך דעם אויפהויבן די זעלבסטווערטיקייט פון די, וואָס ליידן פון אַ מינדערווערטיקייט־קאָמפּלעקס צווישן די גויים.

מיר דאַרפן האָפן אויף אַ בעסערע וועלט. אָבער, מיר טאָרן נישט נישט זען די וועלט, ווי זי איז און פעלקער און מענטשן, ווי זיי זענען. אין משך פון לאַנגע דורות האָבן מיר געמיינט, אַז כדי צו קעמפן קעגן אומרעכט און שאַפן אַ נייע בעסערע וועלט איז גענוג אויפצווייזן לאָגיש און מאָראַליש וויפל אַזאַ זאַך איז גערעכט און גוט. מיר האָבן זיך צו ווייניק גערעכנט מיט דעם כוח פון צעשפּילטע אינסטינקטן אין אַ צייט פון נויט און קריזיס און נישט אָפּגעשאַצט

ווי עס דאַרף צו זיין, די געפאַר, וואָס באַדראָט אַ יידישע אויסנאַמווייזע מינ־דערהייט, סיי מצד קאָנטררעוואָלוציאָנערע כוחות און סיי מצד רעוואָלוציאָנערן, וואָס זענען אַראָפּ פון וועג און פאַרראַטן זייער ציל.

דאָס יידישע פאָלק, וואָס האָט הינטער זיך אַ פּראַכטפולע געשיכטע פון שאַפן, גבורה און ליידן — דאַרף נישט אַראָפּ פון דער היסטאָרישער בימה, ווייל גרעסערע פעלקער ווילן עס אַסימילירן אָדער אומברענגען. נאָמערישער איבערוואָג איז נישט קיין באַשטעטיקונג פאַר גערעכטיקייט. דאָס יידישע פאָלק איז 4000 יאָר פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל. די גרויסע וועלט וויל עס נישט האָבן צווישן זיך, אָדער אין בעסטן פאַל איז זי גרייט עס צו טאָלערירן ווי אַ מינדער־ווערטיקע מינדערהייט. האָבן די יידן, בכן, רעכט זיך אומצוקערן אין זייער אַלט־ניילאַנד און באַנייען דאָרט זייער זעלבסטשטענדיקייט.

די יידישע שטודירנדיקע יוגנט אין דער וועלט דאַרף לערנען פון דער דערפאַרונג פון אַמאָליקע און הייניטיקע צייטן. די יידן, וואָס זענען נישט משלים מיט אַ וועלט פון אומרעכט, וואָס פאַרטראָגן נישט, נישט נאָר אַנטיסעמיטיזם, נאָר אויך נישט דעם מעמד פון די גלות־יידן, וועלן נישט דערפילן זייער אויפגאַבע אויפן וועג פון אַסימילאַציע און דורך זייער אָנטייל אין די באַ־פרייונגס־באַוועגונגען פון דער מערהייט אָדער מינדערהייט פון די פעלקער, צווישן וועלכע זיי לעבן. פונקט פאַרקערט: דער אָנטייל פון די יידן אין די דאָזיקע באַוועגונגען שטאַרקט גאָר דעם אַנטיסעמיטיזם, סיי צווישן די הערשנ־דיקע און סיי צווישן די אונטערדריקטע שיכטן. אויפן אָרט פון דערפילן אַ רע־וואָלוציאָנערע, פּראָגרעסיווע פונקציע, קענען זיי גאָר — קעגן זייער ווילן — פאַנאַנדערפלאַקערן אַ פרעמד פייער פון ראַסיזם און קאָנטררעוואָלוציע.

אויב זיי זענען באמת אַדורכגעדרונגען מיט אַ טיפן, מאָראַלישן געפיל און אַ דערהויבענער וויזיע; אויב זיי ווילן נישט יוצא זיין סתם מיט דע־מאָנסטראַציעס און שפעטער גוט זיך אַריינפלעכטן אין דעם הערשנדיקן רעזשים, ווי זייערע עלטערן — דאַרפן די יידישע משכילים ווענדן זייער ענערגיע און אידעאַליזם לטובת דעם נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן אויפבוי אין דעם איינציקן לאַנד, אין מדינת ישראל, וואָס רופט זיי און דערוואַרט זיי, ווייל זי דאַרף זיי האָבן און זיי דאַרפן איר האָבן.

חנוך ברטוב

# אַ בריוו צו אַ פריינד פון לינקס

מיין ברודער און פריינד,

דו האָסט שוין, מן הסתם, געטראַכט, אַז איך האָב פאַרגעסן דעם פייער־לעכן צוזאָג דיר צו שרייבן גלייך נאָך מיין צוריקקער קיין ישראל. איך האָב זיך אָפּגעהאַלטן פון רעאַגירן אויף דיינע שווערע ווערטער, וועלכע דו האָסט געלאָזט פאַלן אין דעם שמועס מיט מיר, נישט צוליב שכחה נאָר, דווקא, צוליב דעם, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין איין אָפּהילכן אין מיינע אויערן אין משך פון די וואָכן, וואָס איך האָב אַרומגעוואַנדערט אין מיין ממשותדיקן ארץ־ישראל און זיך איינגעקוקט אין די משותדיקע מענטשן פון מיין פאָלק — האָב איך געשוויגן. אַ מענטש דאַרף האָבן אַ באַשטימטע צייט, כדי ער זאָל זיך, אויפסניי, צוגעוווינען צו די אָפּענע, הויכע הימלען אונדזערע, צו דער אומברחמנותדיקער זון, צו די נאָכאַנאַנדיקע מאָמענטן פון אונדזערע טעג, וועלכע גייען פאַרביי אויף דעם דינעם פאָדעם צווישן זיין און נישט־זיין.

איך האַלט פאַר נויטיק זיך צו פאַרענטפערן פאַר דיר, ווייל איך ווייס, אַז דו ביזסט באמת פאַראינטערעסירט אין דעם המשך פון דעם שמועס צווישן אונדז, ווייל איך בין דיך חושד, אַז דו האָפסט צו געפינען ביי מיר די ריכטיקע תשובה, וואָס וועט אונדז ווידער מקרב זיין. מיר ביידע האָבן נישט קיין צייט און נישט קיין געדולד פאַר סתם העפלעכע ווערטער און נישט זיי דערוואַרטסטו פון מיר אַלס ענטפער אויף דעם, וואָס דו רופסט אָן: די „פּאָליטיק פון ישראל״ און וואָס אין מיינע אויגן איז דאָס נישט עפּעס אַנדערש — ווי באַפרייען די וועלט פון אונדזער אָנוועזנהייט, אויב נישט דורך זעלבסטמאָרד דאָן, לכל הפחות, דורך שאַפן די באַדינגונגען פאַר אונדזער אומקום.

דאָס איז געווען דער תוכן פון אונדזער געזעגענונגס־שמועס און איצט וועל איך פּרוּוון, זאַכלעך, אויפקלערן דעם ענין.

מיין פריינד, איך וועל איינטיילן די צייט פון אונדזער באַקאַנטשאַפט אויף דריי תקופות און איך וועל אָנהויבן, בדרך הטבע, פון דער ערשטער: איך האָב געוואָלט זייער זיך באַקענען מיט דיר. אין די קרייזן פון די לינקע אינטע־לעקטואַלן ביזסטו זייער באַקאַנט און דיינע ווערק האָב איך קענען געלערנט נאָך, איידער איך האָב דיך פערזענלעך באַקענט. מיר האָבן זיך געטראָפן איין מאָל,

צווי מאָל, דריי מאָל. עס איז געווען אינטערעסאַנט, אַנגענעם און אין אַ באַ־שטימטן זין אויך אַנטוישנד, פּינקטלעכער: איך, פּונקט ווי פיל יידן אין ישראל, מיינען, אַז די פראַגע פון יידישן קיום דאַרפן באַשעפטיקן יעדן ייד, אַז נאָך די געשעענישן פון דעם לעצטן דור, קען מען מער נישט זיין גלייכגילטיק לגבי זיי און זיך פאַרנעמען, למשל, מיט סתם־ליטעראַטור. דו אין דיינע שמועסן מיט מיר האָסטו נישט פאַרהוילן דיין יידישקייט. אדרבה: האָסט גאַר שטאָלצירט דערמיט, וואָס דו ביזסט געבוירן געוואָרן אין איסט ענד, אַלס זון פון יידישע פּראָלעטאַריער. האָסט אַפילו דערציילט, אַז אַ געוויסע צייט ביזסטו געווען אַנגעשלאָסן אין אַ חלוצישער יוגנט־באַוועגונג. דאָס אַלץ האָסטו דערציילט, נאָר, כדי אונטערצושטרייכן ווי ווייט עס דערגייט דיין ביטול דערצו, אַז דו האָסט אַפילו נישט געדאַרפט עס פאַרהוילן. יאָ, זייער אינטערעסאַנט, אָבער אונדזער לעבן איז פול מיט מער ערנסטע פראַגן, מיט וועלכע מיר מוזן זיך ראַנגלען אויב מיר שטרעבן צו פאַרנעמען אַ בכבודיקן אָרט צווישן די באמת וויכטיקע גייסט־מענטשן, צווישן די, וואָס באַנען היינט אַ וועג פאַר דער וועלט פון מאָרגן. דו פרעגסט, אָבער, ווי קען מען אַננעמען אַ שטעלונג לגבי די גורלדיקע פּראָב־לעמען פון דער וועלט לויט דעם איינציקן כלל: איז עס גוט אָדער נישט גוט פאַר דעם מדינהלע, וועמענס עקזיסטענץ גופא שטעלט מיט זיך פאַר אַ גרויס פּראָבלעם. אַ דינע, דורכזיכטיקע אָבער, גוט־פאַרפאַנצערטע מחיצה פון גלאָז האָט אָפּגעטיילט צווישן אונדז.

מיר האָבן זיך געטראָפן און — אויב איך האָב נישט קיין טעות — זענען מיר אויך געוואָרן פריינד, אָבער, טיף אין האַרץ פיל איך זיך אַנטוישט. איך האָב אויפסניי אָנגעהויבן טראַכטן וועגן דער פראַגע פון דעם יידישן קיום און נישט איין מאָל האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז אפשר זענען גערעכט די, וואָס דערקלערן, אַז „דאָס יידישע פאָלק איז טויט" און אפשר איז דאָס באמת אַ גזירה אַז מיר די ישראלים, זאָלן פאַרבלייבן אַזוי ווי מיר זענען אויף אונדזער קליין גליַיענדיק אינדזעלע און צוזען ווי די פאַרשידענע טיילן פון דעם יידישן פאָלק ווערן מיטגעריסן מיט דעם שטראָם פון דער צייט און ווערן אויף אייביק פאַרשוווּנדן. מיר האָבן זיך באַגעגנט, געשמועסט וועגן ליטעראַטור, וועגן דעם בייעם לינקס, וועגן גאַליזם וועגן דעם אויסגעצייכנטן טעאַטער אין לאָנדאָן, מיר האָבן געהאַט הנאה פון די באַטעמטע מאָלצייטן, וואָס דו אַליין האָסט געקאָכט (אַ זון פון אַ קעכין אין איסט ענד), אָבער, די גלעזערנע מחיצה איז פאַרבליבן.

דו ווייסט, געוויס, נישט זיין אין כעס אויף מיר, אויב איך וועל דיר דער־מאָנען יענעם אָוונט פון סוף אַפּריל 1967, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ מחלוקת צווישן אונדז און מיט אַן איבעררייס פון די באַציִונגען. עס זענען געווען ביי דיר אין שטוב אייניקע פריינד, אַלע יידן, אויב איך האָב נישט קיין

טעות. נישט איך, נאָר זיי האָבן דאָס אויפגעהויבן די טעמע און שטאַרק אַטאַקירט ישראל פאַר איר באַציִונג צו דער אַראַבישער מינדערהייט, פאַר איר זיין, אָביעקטיוו גענומען, לויט זייער לשון, אַן אימפּעריאַליסטישער אינסטרומענט, וואָס דערלאָזט נישט די קאָנסאָלידירונג פון דער אַראַבישער וועלט אונטער דער פּראָגרעסיווער אָנפירונג פון נאַסער א. אַז. וו., דו, אַלס מיינס אַ פריינד און אַ געניטער גאַסטגעבער האָסטו דיך באַמיט צוצוגעבן דעם שמועס אַ מער אַבסטראַקטן כאַראַקטער. האָסט דערקלערט, אַז דו ביסט נישט קיין שותף צו דער טאָטאַלער קריטיק קעגן ישראל. פאַרקערט, דו האָסט געזאָגט, אַז דו שאַצסט זייער אָפּ דעם קיבוצישן אידעאַל א. ד. גל. אָבער, עס איז דיין חוב — האָסטו צוגעגעבן — צו שטיצן די פּראָגרעסיווע כוחות אומעטום אין דער וועלט, וואָס ווילן זיך באַפרייען פון דעם עול פון דעם נעאָאימפּעריאַליזם און, דעריבער, ביסטו מחוייב אויך אונטערצושטיצן נאַסערן.

כדי צו באַקרעפטיקן דיינע רייד האָסטו זיך אויך באַנוצט מיט לענגערע ציטאַטן פון דעם „1טן מאַי מאַניפעסט 1967" פון דעם „נייעם לינקס". מיט דער הילף פון אָט דעם מאַניפעסט האָסטו אָפּגעוואָרפן מיינע טענות וועגן נאַסערס פּאָליטיק, וואָס איז אַ פּאָליטיק פון באַהערשן פרעמדע מדינות אין נאָמען פון „דער גרויסער אַראַבישער נאַציע", וואָס קיין מענטש ווייסט נישט, וואָס דאָס באַדייט, אָדער הינטער דעם מענטעלע פון דעם וויכטיקסטן פירער פון אַפריקע. אַז איך האָב דערמאָנט די מלחמה, וואָס נאַסער פירט אין תימן, באַנוצנדיק זיך אַפילו מיט גאַזן, אַ זאַך וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דעם רויטן קרייץ — האָסטו זיך געמאַכט ווי נישט הערנדיק און דערקלערט, אַז אין אַ מלחמה צווישן מצרים און די פאַרבינדעטע פון סעודיע, שטייסטו אויף דער זייט פון פּראָגרעסיוון מצרים. און אַז איך האָב דיר דערציילט וועגן די ריזיקע געווער־ליווערונגען, וואָס נאַסער באַקומט פון סאָוויעטרוסלאַנד מיט דעם איינציקן ציל מלחמה צו האַלטן מיט ישראל און איר פולשטענדיק פאַר־ניכטן — האָסטו ווידער ציטירט אייניקע זאַצן פון דעם אויבנדערמאָנטן מאַני־פעסט, וועלכע באַווייזן קלאָר און דייטלעך, אַז סאָוויעטרוסלאַנד איז ווייט פון אימפּעריאַליסטישע געלוסטן ווי ווייט עס איז מזרח פון מערב.

היינט, אָקטאָבער 1968, צוויי חדשים נאָך דער סאָוויעטישער אינוואַזיע קיין טשעכאָסלאָוואַקיי, פילסטו אפשר אַ צוגאָבלעכן טעם אין די ציטאַטן פון דעם מאַניפעסט. קענענדיק דיין אינטעלעקטועלע שאַרפקייט און סובטעלע חושים — בין איך זיכער דערין.

מיר האָבן געפירט אונדזער שמועס, וואָס אַן אמת, אין אַפּריל 1967, נאָך פאַר דער טשעכאָסלאָוואַקישער לעקציע און אַזוי ווי איך בין געווען דעמאָלט, און איך בין אויך היינט — אַ ישראלי, וועמענס לאַנד געפינט זיך פאַר דער סכנה פון אומקום, האָב איך זיך איינגעשפּאַרט און דערמאָנט דיר און דיינע

חברים אַ קליינעם פּאַקט: עס איז אַ פּאַקט — האָב איך געזאָגט — וואָס סאָוויעטישע האַרמאַטן, טאַנקען און עראָפּלאַנען אין עגיפּטישע און סירישע הענט באַדראָען אָפּן נאָר איין געזעלשאַפט אין דעם ראַיאָן — אפשר נישט נאָר אין אים — וואָס באַזיצט שטאַרקע קעמערלעך פון אַן אמתן, דעמאָקראַטישן און הומאַניטאַרן סאָציאַליזם. איך בין מודה, אַז בעת אָט יענעם שמועס האָב איך פאַרלוירן אַלע מיינע גוטע מאַניערן און זיך געווענדעט צו דיינע בכבודיקע געסט: צו דעם דערפאָלגרייכן פּיעסע־שרייבער, צו דעם רעדאַקטאָר פון אַ לינ־קער צייטשריפט און צו דעם פּראָפעסאָר פון אוניווערזיטעט, שרייענדיק: איר סאָציאַליסטן, וואָס איר זייט, זאָגט מיר ווען באַשיסן די סאָוויעטישע האַר־מאַטן אויף דער סירישער גרענעץ — אויב נישט קאָמונעס, וועמענס גלייכן עס איז נישט צו געפינען פון דעם טייך אָדער ביז וולאַדיוואָסטאָק? קעגן וועמען באַוואָפנט מען אַזוי נאָסערן, אויב נישט קעגן מיר, אַ קערנדל פון פאַרפאָלגטע יידן אין פּוילן, וואָס זינט זיין געבוירן ווערן אָן, וויל מען אים צונעמען דאָס לעבן און זינט ער איז אַלט געוואָרן 13 יאָר מוז ער זיך אַליין באַשיצן מיט אַ ביקס אין האַנט קעגן אַ פּשוטן מאָרד? ווער זענען עס די נעאָ־אימפּעריאַ־ליסטן, אויב נישט די 2½ מיליאָן פּליטים און קינדער פון פּליטים, וועמענס אימפּעריע ציט זיך לענגאויס אַ שמאָלן פּאַס פון זאַמדן, זומפּן, בערג, פעלדזן און וויסטענישן? אָט, די פּליטים האָבן זיך אין משך פון אַלע יאָרן פאַרנומען נאָר מיט איינציקער זאַך: מיט שאַפן אַן אַרבעטנדיקע, אויפגעקלערטע דעמאָקראַטישע און מער סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט פון יעדער אַנדערער געזעלשאַפט אין גאָר דער וועלט.

איך האָב געבעטן אַן ענטפער, אָבער, איר, די אָביעקטיווע, איר, די גע־בילדעטע, איר האָט געשוויגן. איר האָט געהאַלטן בעסער צו בלייבן די פאַר־טיידיקער פון אַ זאַך, וואָס האָט אַ סך פאַרטיידיקער און פאַר אונדזער זאַך איז קיינער פון אייך נישט געווען גרייט צו ווידמען זיינע גייסטיקע כוחות, זיין מאָראַלישן פּאַטאָס, זיין שטים.

איך בין אַרויס פון דיין הויז אין יענעם אָוונט, באַשליסנדיק ביי זיך, מער נישט איבערצוטרעטן דיין שוועל. די גלעזערנע מחיצה איז געוואָרן אַ טויבע וואַנט פון בליי.



איך זע, מיין ליבער פריינד, ווי עפּעס אַ פונק פון וויוליונגערישקייט צינדט זיך אָן אין דיינע אויגן און איך הער כמעט דיין שטים „עס איז מיר קלאָר, וואָס דו ביסט אויסן מיט דער דאָזיקער הקדמה. דריי וואָכן נאָך יענער הייסער דיסקוסיע האָבן זיך די אונ״אָ־כוחות צוריקגעצויגן פון סיני און די מלחמה־

מאַשין האָט אַנגעהויבן זיך קייקלען. דו ווילסט מיר דערמאָנען, אַז איך בין דאָס געווען דער, וואָס האָט טעלעפאָנירט צו דיר פול מיט שרעק"...

ריכטיק, דאָס בין איך אויסן געווען. די מאַי־יוני־טעג האָב איך נישט פאַרגעסן. איך האָב דיר שוין געזאָגט, ביי אַן אַנדער געלעגנהייט, וואָס מאַרטין בובער האָט געשריבן וועגן אַ ייד, וואָס לעבט אויף אַ הויכן ניוואָ פון באַוווסטזיין: „די פאַרגאַנגענהייט פון זיין פאָלק — איז זיין אייגענער זכרון און די צוקונפט פון זיין פאָלק — זיין פערזענלעכע אויפגאַבע". דער זכרון איז דער ענערגישער כוח, וואָס באַוועגט אונדז. איך געדענק, אָבער, בנוגע דיין זכרון האָבן זיך ביי מיר לעצטנס דערוועקט ספקות, ד. ה. ספקות אין דיינע גייסטיקע כוחות, אין דיין מאָראַלישער עמפּפינדלעכקייט.

פון דער צווייטער תקופה פון אונדזערע באַציִונגען איז ביי מיר פאַרבליבן טיף איינגעקריצט די איבערלעבעניש פון דעם אופן, ווי דו האָסט רעאַגירט. אַזוי רעאַגירט אַ מענטש, וועמענס לעבן געפינט זיך אין געפאַר. יענע נישט־געזעענע מחיצה איז מיט איין מאָל, איינגעפאַלן. ווי אַזוי? פונקט ווי איך, האָסטו אויך דו נישט געקענט זיך אָפּרייסן פון דער טעלעוויזיע, פונקט ווי איך האָסטו אויך געזען נאָסערן מיט זיינע בעסטע פליִער אין סיני ווי ער לאַדט איין מיט אַן „אהלאן וסאהלאן" דעם ישראלדיקן מיליטער־שעף רבין צו מלחמה. פונקט ווי איך האָסטו געזען דעם צעבושעוועטן המון אין עזה, בשעת מען האָט אים געגעבן ביקסן, דו האָסט געזען דעם סירישן מיניסטער און געהערט ווי ער זאָגט, אַז די איינציקע לייזונג פאַר דעם ישראל־אַראַבישן סכסוך איז אַריינוואַרפן אַלע יידן אין ים, פונקט ווי איך האָסטו געזען דעם קעניג פייסל, אין האַרץ פון דיין לאָנדאָן, אין דעם האָטעל „קלארידזש" און געהערט ווי ער שלאָגט פאָר אויסצוראָטן די יידן.

דו, מיין ברודער, האָסט אויך געזען ווי אונ"אָ־כוחות האָבן געעפנט די גרענעץ פאַר די אָנפאַלער און קיינער האָט דערין נישט געזען אַ סכנה פאַרן שלום פון דער וועלט. דו האָסט געזען ווי אַלע ים־מדינות — אונדזערע גוטע פריינד — זענען פלוצלינג טויב געוואָרן און אין דיין צייטונג, די לינקע, די אַנטי־אימפּעריאַליסטישע האָסטו געלייענט וועגן דעם פאָרשלאָג, אַז ישראל זאָל מסכים זיין מיט דעם שליסן דעם טיראַן־גאָלף, ווייל דערמיט וועט זי פאַרמיידן אַ מלחמה, און אַלץ וואָס זי וועט פאַרלירן פון אַט דער בלאָקאַדע (ד. ה. דעם חורבן פון אילת, דאָס פאַרמאַכן פון די נאַפט־רערן און קופּער־גרובן, דאָס אָפּשטעלן די אַרבעטן אין ים המלח און דעם מסחר מיט אַפריקע און דעם ווייטן מזרח) וועט אַמעריקע אָפּצאָלן מיט גראַטיפיקאַציעס... דו, מיין ברודער, האָסט זיך דערמאָנט אין מינכען און דו האָסט געוווסט, אַז נאָך דעם איז אויסגעבראָכן די מלחמה, וואָס האָט פון אַלע פעלקער אין דער וועלט, נאָר איין פאָלק, דאָס יידישע, כמעט פולשטענדיק פאַרטיליקט.

אוישוויץ, זי האָט אָפּגעשאָפּט די גלעזערנע מחיצה צווישן אונדז. פּלוצלינג זענען מיר געוואָרן צוויי ייִדן, וועמענס בשותפותדיקער גורל איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דער וואָגשאָל. פון דעם מאָמענט אָן האָסטו אָנגעהויבן זיך באַנוצן מיט דעם וואָרט „מיר" אַנשטאָט — „איר". דו און איך זענען געוואָרן „מיר" און „זיי" זענען געוואָרן די אַלע, וועמענס לעבן עס הענגט ניט אויף דער שאַרף פון אַ שווערד.

וועגן דער דאָזיקער תקופה דאַרף מען נישט ריידן, ווייל אַלץ אין איר איז געווען פּשוט און פאַרשטענדלעך. איך געדענק די בריוו, וואָס דו האָסט געשיקט צו די צייטונגען; די ביטערע יידישע טעלעגראַמעס צו דער סאָוויעטישער אַמ־באַסאַדע; די דעמאָנסטראַציע אין דאַאונינג סטריט; דיין ווילן (דעם אויפ־ריכטיקן און נאַטירלעכן) פרייוויליק זיך צושטעלן צו צה"ל, דיין צושטייער לטובת דעם ישראל־קאַמפּיין און דיין דערקלערונג, אַז פון איצט אָן און ווייטער קען מען מער נישט אָפּטיילן דעם קיום פון מדינת ישראל פון דעם קיום פון די ייִדן אין דער גולה — דאָס אַלץ געדענק איך. דו, אפשר, האָסט שוין פאַרגעסן און אפשר איז דיר אַפילו נישט באַקוועם, וואָס מען דערמאָנט דיר דאָס. אָבער איך געדענק, ווייל פּונקט ווי דו האָסט אין מיר געזען אַ ברודער אין אַ סכנה, פּונקט אַזוי האָב איך אין דיר געזען מיין צווייטע העלפט. די ממשותדיקע געפאַר פאַר דעם אָפּמעקן ישראל פון דער לאַנדקאַרטע און פון דער געשיכטע — האָט דיך אויפגעציטערט. איך האָב זיך דערפילט ווי אַ יתום אויף דער וועלט, וואָס האָט אָפּגעפינען אַ לעבעדיקן ברודער.

און שפּעטער? נאָר מיטן כוח פון דעם באַוווסטזיין, אַז דאָס איז די איינציקע ברירה האָט זיך דאָס גאַנצע פאָלק געשטעלט ווי איין מענטש צו דער מלחמה. דערפאַר וואָס מיר האָבן אַריינגעקוקט אומדערשראָקן אין די אויגן פון די ביטערע פאַקטן און זיך נישט געלאָזט פאַרפירן דורך זיסע אילוזיעס — האָבן מיר זיך געגרייט צו דער שווערער מערכה, וואָס די אַראַבישע מדינות האָבן אונדז צוגעזאָגט טאָג־איין, טאָג־אויס. אַ דאַנק אונדזער באַהאַלפנקייט, מוט און קרבנות האָבן מיר געזיגט אין דער דאָזיקער מלחמה. יאָ, מיר האָבן געזיגט, און ווען, אַפילו, דאָס וועט דיך פאַרדריסן זאָג איך דיר, אַז איך פריי זיך מיט דעם דאָזיקן נצחון, קודם כל, דערפאַר, וואָס אַ דאַנק אים לעבן מיר נאָך. דאָס אַליין איז שוין גענוג.

דו, אָבער, מיין ברודער און פריינד, האָסט זיך געפרייט צוזאַמען מיט מיר אין משך פון די 6 טעג און אין דעם זיבעטן טאָג האָסטו שוין אָנגעהויבן ריידן וועגן דיינע ספקות. דאָס באַפרייען זיך פון דיין פולער ייִדישער אידענטיטעט איז דיר אָנגעקומען נישט לייכט און עס האָט גענומען צייט. אָבער פון וואָך צו וואָך און פון חודש צו חודש האָסטו זיך געענדערט, אָדער בעסער: איז מטושטש געוואָרן דיין פולער ייִדישער איך": דער פון מאַי־יוני און דו האָסט

זיך אומגעקערט צו דיין פרי־ערדיקן פּאָרטרעט, וואָס ווי אַ דיקע גלעזערנע מחיצה, האָט זי ווידער אָפּגעטיילט צווישן דיר און מיר. איצט קען איך, ווידער, נישט זען דיין אמתן פּנים, עפּעס אַ מאַסקע ליגט אויסגעשפּרייט איבער אים.

אַזוי האָט עס מיר אויסגעזען אין דעם „פּאב" אין איסט לאָנדאָן. וואָס, אייגנטלעך, ווילט איר — האָסטו מיך געפרעגט — פאַר וואָס ציט איר זיך נישט צוריק? פאַר וואָס שפּאַרט מען זיך איבער פאָרמעלע ענינים? וואָס וועט זיין מיט די אַראַבישע פּליטים? און פאַר וואָס זאָלן מיר נישט אָקצעפּטירן די לאָגישע, אַראַבישע פאָרשלאָגן?

שווערע, אי פּלוג, צעשמעטערנדיקע פראַגן, ווען זיי ווערן געשטעלט דורך מענטשן, וואָס ווייסן נישט דעם אמת, אָדער וואָס ווילן נישט וויסן דעם אמת. אָבער דו, וואָס האָסט רעאַגירט — אין די ערשטע גרויליקע טעג — פּונקט ווי איך, ווי קומט עס, אַז דו זאָלסט נישט פאַרשטיין די אמתע כוונה פון די פראַגער?

איך האָב לעצטנס שפּאַצירט איבערן לאַנד. איך האָב באַזוכט ערטער, וועלכע האָבן אַמאָל געדינט אַלס פּאָזיציעס פון דעם שונא. אַ שוידער גייט מיר אַדורך, ווען איך טראַכט ווי אַזוי מיר האָבן 20 יאָר געלעבט אין זייער שאָטן, אַנטקעגן די האַרמאַטן און פאַלימיאָטן, אין דער כסדרדיקער געפאַר פון אַן אַטאַקע מיט „סטאַלין"־טאַנקען, „מיגן", „טאָפּאָלעוס" אויף תל־אביב און אויף עולים־שטעטלעך און קיבוצים. די גרענעצן פון דעם פייער־איבעררייס מאַכן נישט פון אונדז אַן אימפּעריע. אַלע באַפרייטע שטחים דערגייען נישט, אַפילו, צו אַ העלפט פון דעם, וואָס סאָוויעטרוסלאַנד האָט איינגעשלונגען אין משך פון איין נאַכט אין טשעכאָסלאָוואַקיע. קוק זיך איין אין דער לאַנד־קאַרטע פון דעם נאָענטן מזרח און דו וועסט זען, אַז אויך היינט שטעלט מיט זיך פאָר ישראל אַ קליין פּינטעלע אין די ריזיקע שטחים. מיר בילדן אַ מינדערהייט סיי אין באַפעלקערונג און סיי אין טעריטאָריע אין דעם דאָזיקן ראַיאָן.

אָבער די פראַגע איז נישט: דער צוריקצי פון די כוחות, פראָצעדור, אָדער פּליטים. די פּשוטע פראַגע איז: מלחמה אָדער, שלום?

אין דעם מאָמענט, ווען קאָמפּעטענטע פירער אין די אַראַבישע מדינות וועלן אָפן דערקלערן, אַז זיי זאָגן זיך אָפּ פון זייערע כוונות צו פאַרניכטן ישראל און זיי וועלן פאָרשלאָגן איינצושטעלן נאָרמאַלע באַציִונגען ווי צווישן קולטורעלע מדינות אין דער וועלט — וועט יעדער בירגער אין ישראל אויפנעמען אַזאַ בשורה מיט שמחה און פרייד. מען דאַרף זיין אַ ישראלי, כדי צו וויסן ווי גרויס עס איז די סכנה, וואָס באַדראָט אונדזער לעבן; ווי שווער עס איז דער עול, וואָס ליגט אויף יעדן מאַן, אויף יעדער מוטער, אויף די שטייער־צאָלער, אויף די קינדער אין די שעלטערס און פאַרשטיין, ווי שטאַרק מיר לעכצן נאָך שלום.

אָבער, אויב די אַראַבישע מדינות האַלטן זיך ביי די באַשלוסן פון כאַרטום — נישט אָנערקענונג, נישט משא ומתן, נישט שלום — ווי קען מען צו אונדז

קומען מיט טענות, הלמאי, מיר ווילן זיך פאַרזיכערן אַזעלכע באַדינגונגען, וואָס זאָלן לייכטער מאַכן אונדזער פאַרטיידיקונג אין פאַל, ווען די אַראַבער וועלן מקיים זיין זייער דראָונג און ווידער אַרויס אין אַ מלחמה קעגן ישראל? טענהט נישט סאָוויעט־רוסלאַנד אַז אירע 600.000 סאָלדאַטן אין טשעכאָסלאָוואַקיע זענען איר נויטיק, כדי זיך צו פאַרטיידיקן קעגן אַן עווענטועלן אַנגריף מצד דייטש־לאַנד? האָט דען סאָוויעט־רוסלאַנד נישט דערקלערט, אַז עס איז איר דערלויבט אין הסכם מיט די „אונ"אָ"־פאַרשריפטן צו אָקופּירן מערב־דייטשלאַנד, ווייל זי איז אַ „מדינה פון געוועזענעם שׂונא" און דאָס דערקלערט סאָוויעט־רוסלאַנד 23 יאָר נאָך דעם ווי דייטשלאַנד האָט זיך אונטערגעגעבן אָן תנאים? און אין מזרח־דייטשלאַנד, צי זענען דאָרט נישט פאַראַן ביז דעם היינטיקן טאָג סאָ־וויעטישע אָקופּאַציע־כוחות?

זיך צוריקציִען פון די פייער־איבעררייס־ליניען נאָך איידער עס איז געשלאָסן געוואָרן אַן אמתער שלום — הייסט צוריקברענגען די פיינטלעכע חיילות אויף די זעלבע פּאָזיציעס פון וועלכע, זיי האָבן געוואָלט און ווילן פאַרניכטן ישראל. דאָס הייסט אויך דערמעגלעכן די פאַרשידענע טעראָריסטישע באַנדעס לייכטער אַדורכפירן זייערע מערדערישע פּלענער; דאָס מיינט אויך, אַז דער הסכם פון דעם פייער־איבעררייס פאַרפליכטעט נאָר ישראל און נישט — די אָפיציעלע און נישט אָפיציעלע — באַוואָפנטע כוחות פון די אַראַבישע מדינות.



ליבער פריינד, איך שלאָג דיר פאָר דו זאָלסט מקיים זיין דיין הבטחה און קומען קיין ישראל. איך וואָלט געוואָלט, אַז דו זאָלסט לעבן מיט אונדז און מיר זאָלן זיין פּונקט אַזוי ווי אין יענע טעג, די אומפאַרגעסלעכע טעג פון 1967. קום, זאָל דאָס זיין ,אַפילו, בלויז אויף אַ קורצן באַזוך. איך וועל מיט דיר שפּאַצירן איבערן לאַנד און דו וועסט זען אין וואָס עס לייגט אַריין אונדזער קליין פאָלק זיין ענערגיע: אין לאַנדווירטשאַפט, אין אינדוסטריע, אין ווירטשאַפט, אין דעם שאַפן פון פיל יידן־פּליטים אַן אַרבעטנדיק, פריי פאָלק אין דעם פאַרוואַנדלען אַ קליין וויסט לאַנד אין אַ מדינה אין וועלכער, יעדער בירגער אירער וועט זוכה זיין אין זיין אייגענעם וויין־ טייטל־בוים אונטער וועלכן, ער זאָל לעבן אַ רויִק, צופרידן, שעפעריש לעבן.

לעת־עתה זענען מיר געצוווּנגען צו לעבן אַנדערש. מיר האָבן אַ גוטן זכרון. מיר טאָרן זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון אילוזיעס. אויב דער שלום וועט נישט קומען — וועלן מיר ווייטער האָפן אויף דעם בעסטן און זיך גרייטן צו דעם ערגסטן, נישט נאָר אין ישראל

פון דעם סאַמע אָנהויב בויען מיר דאָס לאַנד נישט נאָר פאַר זיך, נאָר אויך פאַר יעדן ייד, וואָס וועט וועלן, אָדער, וועט מוזן קומען אַהערצו. פון דער

דערפאַרונג פון דעם לעצטן דור האָבן מיר געלערנט, אַז די צרה אויף יידן קען קומען אומעטום. עס איז גענוג צו דערמאָנען פוילן היינט, איזוועלכער עס איז אַפילו נישט פאַרבליבן איין ייד אויף הונדערט, וואָס האָבן דאָרט געלעבט פאַר דער מלחמה. די בעססטע קאָמוניסטן אין טשעכאָסלאָוואַקיע — מוזן אַנטלויפן, און ווער ווייסט וואָס עס איז פאַרבאָרגן אונטער דעם נעפל פון דעם מאָרגן.

אַ שאָד, וואָס דו קענסט אַזוי ווייניק די געשיכטע פון אונדזער פאָלק און זיין ליטעראַטור. ווען דו וואָלסט געווען אַ ביסל מער באַהאַוונט, וואָלסטו בעסער פאַרשטאַנען דעם אמתן כאַראַקטער פון די כוחות, וואָס ווירקן אין אים, וואָלסט געזען ווי ווייט זיי זענען פון דער נידערטרעכטיקער און בייזווילּיקער פּראָפּאַ־גאַנדע, וואָס ווערט געטריבן דורך די, וואָס האַלטן זיך פאַר די פאַרטיידיקער פון אונדזערע פיינט, וואָס באַוואָפענען זיי איבער די ציין מיט דעם איינציקן ציל — אונדז צו פאַרניכטן.

עס טוט מיר לייד, וואָס דו האָסט נישט געלייענט די שריפטן פון איינעם אַ ייד, אַ בונדאַר, אַ נאַנקאָנפאָרמיסט, אַ באַהעמע־מענטש, ממש אַ טיפ פון דעם „נייעם לינקס", וואָס נישט נאָר זיינע קעגנער, נאָר אַפילו זיינע חברים זענען נישט געווען פאַרזיכערט פון זיינס אַ ביס. אַגב, דער דאָזיקער מענטש האָט געלעבט צוזאַמען מיט אייערע עלטערן אין איסט ענד, נישט כדי צו פאַר־ברענגען דאָרט — ווי איך און דו — נאָר ממש אין די אָרעמע קוואַרטאַלן אין „שוויץ־שאָפּס". אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען, וואָס ער האָט געשריבן נאָך די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד אין יאָר 1905, געפינען זיך דאָרט זאַצן און באַמער־קונגען, וואָס פּאַסן אויך היינט (נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה, נאָך פוילן, נאָך טשעכאָסלאָוואַקיע). ער שרייבט:

„מיר וועלן געשאָכטן נישט צוליב אונדזער אמונה, יידן, מיר וועלן גע־הרגעט נישט צוליב אונדזער רשעות, מיר וועלן פאַרברענט נישט צוליב אונדזער צדקות; יעדער איינער שלאָגט אונדז נאָר דערפאַר, ווייל מען האָט אונדז פיינט און מען האָט אונדז פיינט ווייל אַלע מענטשן־וועלף האַסן און ווערן געהאַסט, אָבער זיי לעבן אין זייערע וועלדער און מיר זענען פאַרטריבענע און פרעמדע...

„לאַנד! אַ לאַנד נישט פאַרן היינט, וואָס איז שווין אַריבער, נאָר פאַר דעם מאָרגן, פאַר די קומענדיקע דורות, פאַר די יתומים פון נעמיראָוו נאָך 20, נאָך 50, נאָך 100 יאָר.

„נאָך דער גרויסער שחיטה אין דורא און קמה האָט מען געזאָגט: דער תליין האָט צופיל געשאָכטן פאַר גאָט, ער האָט איבערגעטריבן די מאָס, דער תהום איז געווען אַזוי טיף, דאָס אומגליק אַזוי גרויס, אַז קיין גרעסער קען מען זיך נישט פאַרשטעלן".

„ווער ווייס, ברידער, ווער קען אונדז פאַרזיכערן, אַז אונדזערע קינדער און

אייניקלעך וועלן נישט דערמאָנען די יאָרן תרס״ה—תרס״ו פונקט ווי מיר דער־מאָנען היינט תר״ם—מ״א...״

די ווערטער זענען געשריבן געוואָרן 50 יאָר פאַר אוישוויץ. מיר לעבן נאָך דעם נסיון, ווען מיר וועלן נישט פאַרגעסן און מיר וועלן טאָן אַלץ, ער זאָל זיך מער נישט איבערחזרן אין דער געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק.

אויב דו ווילסט פאַרשטיין די כוחות, וואָס ווירקן היינט אין ישראל — לייען מיט קאָפּ, איין מאָל און נאָך אַ מאָל, די דאָזיקע ווערטער.

דאָס איבעריקע איז פאַרשריבן אין דער געשיכטע פון מדינת ישראל, פון דעם טאָג, ווען דער ערשטער ייד האָט זיך אומגעקערט אין דעם דאָזיקן לאַנד און ביז דעם היינטיקן טאָג.

זיי אַזוי גוט און קום.

פראָפ. לעאָן דוכאָוונע

# יידן, ישראל און פראָגרעסיווע שטרעמונגען אין דער מאָדערנער וועלט

יעדער איינער, וואָס האָט זיך גאָענטער באַקאַנט מיט ישראל אַ דאַנק אָפּטערע באַזוכן, אָדער צוליב דעם, וואָס ער האָט געלעבט דאָרט אַ לענגערע צייט — מוז נתפּעל ווערן פון אַלץ, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויף אַלע געביטן פון לעבן אין משך פון די צוויי צענדליק יאָרן זינט דעם אַנטשטיין פון דער מדינה. ער וועט, אָבער, אויך בלייבן דערשטוינט פון דער אומפעיקייט אויפצוקלערן דעם מהות פון ישראל ווי אַ פאָרגעשריטענע מדינה, ווי אַן אייגנאַרטיקער, געזעלשאַפטלעכער עקספּערימענט, ווי אַ ביישפּיל פון אַ זעלטענעם קולטור־אויפשטייג פון די מאַסן, ווי אַ מדינה, וואָס נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זי איז געווען געצוווּנגען צו פירן דריי מלחמות, כדי צו פאַרזיכערן איר קיום — לעבט אין איר שטאַרק דער ווילן צו שלום און זי וואָלט אים געוואָלט דער־גרייכן אויפן יסוד פון אַ קעגנזייטיקער זיכערקייט צווישן איר און אירע שכנים. מיט די דאָזיקע שכנים, וואָס פירן קעגן איר אַ פאַרעקשנטע מלחמה מיטן ציל איר חרוב צו מאַכן און וועלכע חלומען אומצוברענגען דאָס פאָלק פון ציון, פונקט אַזוי ווי עס האָט געטאָן דער היטלעריזם, פאַרניכטנדיק צוויי פון יעדע דריי יידן אין אייראָפּע בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה.

די יידן אין ישראל האָבן באַוויזן פיל וווּנדער, אָבער, זיי ווייזן אַרויס אַ גרויסע אומבאַהאָלפנקייט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אויפקלערן פאַר דער וועלט זייער ווערק און זיין באַדייט.

עס איז שווער צו פאַרשטיין די דאָזיקע סתירה, באַזונדערס, אין אַ תקופה ווי אונדזערע, אין וועלכער „פּראָפּאַגאַנדע" שטעלט מיט זיך פאָר איינע פון די סימנים פון דעם פּריוואַטן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון יעדער מדינה אויף דעם נאַציאָנאַלן און ווי אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלן געביט. עס זענען פאַראַן אין ישראל יידן, וואָס פאַרנעמען וויכטיקע פּאָזיציעס, וועלכע זענען מודה דערין, אַז דאָס איז ווירקלעך אַ משונהדיקער מצב. אָבער דער דורכשניטלעכער ישראלי, דער מענטש פון גאַס לייגט נישט קיין אַכט אויף דער פראַגע, אים פאַלט גאָרנישט איין, אַז די פראַגע פון אויפקלערונג איז אַזוי וויכטיק, אַז זי באַרירט דעם גורל

פון דער מדינה אין וועלכער ער לעבט און פאַר וועמענס אויפבוי ער שענקט פיל פון זיינע אָנשטרענגונגען טאָג־טעגלעך.

אַ יונגער, ישראליקער פּראָפעסאָר האָט מיר געזאָגט וועגן דער דאָזיקער פראַגע, מיט אייניקע יאָר צוריק, זיך אומקערנדיק פון אַ שטודיר־רייזע אין ענגלאַנד, אָט דאָס: „אפשר זענען מיר נישט מסוגל צו טאָן אַלץ דאָס, וואָס מיר טוען אין ישראל און אין דער זעלבער צייט אויפקלערן אונדזער ווערק און דער־ציילן וועגן אים אין דער וועלט. עס דוכט זיך, מיר קענען נישט דערפילן די דאָפּלטע אויפגאַבע: צו זיין סיי די העלדן פון דעם ווערק און סיי שילדערן זיינע אויפטוען, צו זיין די פאַרווירקלעכער און גלייכצייטיק די אויפקלערער פון אַלץ, וואָס פּאַסירט יעדן טאָג אויף אַלע געביטן פון דעם מענטשלעכן שאַפן״.

די דאָזיקע פּסיכאָלאָגישע פאַרענטפערונג טאָר נישט באַרעכטיקן די אומ־באַהאָלפנקייט לגבי אַ גורלדיק פּראָבלעם פאַר ישראל, וואָס איז ממילא אַ פּראָב־לעם פון גורלדיקער וויכטיקייט לגבי דעם גאַנצן יידישן פאָלק.

ערנסט רענען זאָגט אין דער הקדמה צו זיין בוך: „די געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק״, אַז נאָר די געשיכטעס פון דריי פעלקער האָבן אַ באַדייט פאַר דער מענטשהייט: די געשיכטע פון גריכנלאַנד, פון ישראל און פון רוים. אין די אויגן פון רענען שטעלן מיט זיך פאָר די דריי געשיכטעס — די געשיכטע פון דער מענטשלעכער קולטור. צווישן אַנדערן שרייבט רענען: „אין דעם תחום פון דער אינטעלעקטועלער און מאָראַלישער טעטיקייט האָט גריכנלאַנד געהאַט איין בלויז, אָבער זייער אַ קאָנטיקן. זי האָט פאַרזען די אָרעמע און נישט געפילט די באַדערפעניש אין אַ גערעכטן גאָט. אירע פילאָזאָפן, וואָס האָבן געטרוימט וועגן אַ אייביק לעבן האָבן אַרויסגעוויזן אַ איבערגעטריבענע טאָלעראַנץ לגבי די עוולות פון דער וועלט. זייערע אמונות זענען פאַרבליבן אין דעם תחום פון קינדער־שפּילן צווישן אָרטיקע געטער. זיי האָבן קיינמאָל נישט געטראַכט וועגן אַן „אוניווערסאַלער״ רעליגיע. דאַקעגן האָט ישראל, זאָגט רענען, קיינמאָל נישט משלים געווען מיט דעם אומרעכט אויף דער וועלט. אירע חכמים האָבן זיך באַצויגן מיט צאָרן און שטרענגקייט לגבי די עוולות, וואָס געשען אין דער וועלט. דער פאַקט, וואָס אַ רשע לעבט אַ גוט און רייך לעבן, האָט ביי זיי אַרויסגערופן כעס און אויפרעגונג. נאָך אין דעם ניינטן יאָרהונדערט פאַר דער קריסטלעכער ציילונג זענען פאָרמולירט געוואָרן די יסודות פון דער דאָזיקער אמונה. די נביאים זענען געווען „פּובליציסטן״, וועלכע מיר וואָלטן היינט אָנגערופן סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן. זיי זענען געווען פאַנאַטישע קעמפער פאַר סאָציאַ־לער גערעכטיקייט...״

רענען איז נישט געווען קיין ייד. אויך וויליאַם קרייטאָן גראהם, דער מחבר פון דעם בוך: „נביאים און די קולטור פון ישראל״ — איז נישט געווען קיין ייד. אין דעם קאַפּיטל: „די נביאים און דער פּראָגרעס״ — זאָגט ער צווישן אַנדערן:

„נאָך פּאָר אַ לאַנגער צייט שוין האָבן זיך יידישע נביאים אָנטוישט פון דער לײדיקייט, וואָס עס איז גורם די טעכנאָלאָגישע אַנטוויקלונג, ווען זי איז אָפּגע־ ריסן פון אַלע אַנדערע סאָציאַלע און עטישע ווערטן, פונקט ווי אַזאַ זאַך וואָלט געקענט געשען הײנט מיט דעם סאַמע עקסטרעמסטן מאָדערנעם בונטאַר. זיי האָבן זייער גוט געוווסט, אַז דער עיקר פון דער אמונה אין פּראָגרעס איז קיינמאָל נישט באַזירט אויף די אויסערלעכע, קאָנקרעטע סימבאָלן פון דעם מענטשלעכן טאַלאַנט״. כדי צו באַווייזן די ריכטיקייט פון זיין השערה, ציטירט דער מחבר פּסוקים פון ישעיהו, ירמיהו, עמוס, הושע וחבקוק.

ניינצן יאָר נאָך דעם, ווי עס איז דערשינען דאָס דאָזיקע בוך, איז אַרויס דאָס בוך פון ישראל י. מאַטאַק א.נ. „דאָס דענקען פון נביאים״. מאַטאַק האַלט, אַז די שאַרפע קריטיק פון די נביאים לגבי די עוולות און אומרעכט פון דער געזעלשאַפט, איז געווענדעט נישט נאָר קעגן דעם פּרט, וועלכער באַגייט זיי נאָר אויך קעגן דער אָרדענונג, וואָס איז משלים מיט זיי און שטיצט זיי אַפילו, מיט די געזעצן און געריכט־אורטיילן אירע״.

איך האָב נישט די כוונה זיך טיפער אָפּצושטעלן וועגן דער ראָל פון דער נבואה אין דער אַנטוויקלונג פון די באַגריפן וועגן „סאָציאַלער גערעכטיקייט״ אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. איך האָב זיך באַגנוגנט בלויז מיט אייניקע ציטאַטן. דער לייענער, וואָס אינטערעסירט זיך מיט דער פראַגע וועט קענען לייכט פעסטשטעלן, אַז אין יעדער געשיכטע־בוך, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט די אויבנדערמאָנטע אַנשויונגען — פאַרנעמט אַ חשובן פּלאַץ די יידישע נבואה, וואָס איז אָנגעפילט מיט דער שטרעבונג צו אַ גערעכטער סאָציאַלער אָרדענונג. איך האָב נאָר אויבנאויפיק באַרירט די דאָזיקע פראַגע, ווייל אין דער לעצטער צייט איז געלאָזט געוואָרן אין גאַנג אַ מעכטיקע פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין, וואָס באַמיט זיך צו באַווייזן, אַז יידנטום שטעלט מיט זיך פאָר גאָר אַ כוח, וואָס איז קעגן מאַטעריעלן און קולטורעלן פּראָגרעס פון דעם מענטשלעכן מין. אויך מדינת ישראל און דאָס יידישע פאָלק, וואָס איז מיט איס פאַרבונדן ווערן פאָר־ געשטעלט ווי די פיינט פון דער מענטשהייט. עס רעדט זיך דאָ וועגן דער „מאָדער־ ניזירונג״ פון אַ זייער אַלטן מאַנעוור: פאַרשפּרייטן די ברוטאַלע שׂנאה צום יידישן פאָלק אין פאָרמען, וואָס זאָלן אַנטשפּרעכן די נייע באַדינגונגען. עס זענען געווען צייטן, ווען די גויים זענען שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן די יידן, ווייל זיי האָבן געגלויבט אין איין גאָט און האָבן נישט מסכים געווען אָנצונעמען דעם גלויבן אין כּיל געטער. שפּעטער זענען געווען קריסטן, וואָס האָבן גערודפט יידן צוליב פאַנטאַסטישע פאַרברעכנס, ווי למשל: „דאָס דערהרגענען גאָט״ און דאָס פאַר־ גיפטן ברונעמס א. ד. גל.

אין זיבעטן יאָרהונדערט, ווען מוחמד, קענענדיק זייער שוואַך סיי דעם תנ״ך און סיי דעם נייעם טעסטאַמענט, האָט געגרינדעט אַ נייע רעליגיע און זיך פּראַק־

לאַמירט אַלס דעם לעצטן פון אַללאַ׳ס נביאים, האָט ער גלייך געהעצט קעגן די יידן, ווייל זיי האָבן נישט מסכים געווען אָנצונעמען זיין „אמתע אמונה״. אַזוי איז געבוירן געוואָרן די מוזולמענישע שנאה צום יידנטום, וואָס איז געווען טיילמאָל שטאַרקער און טיילמאָל שוואַכער, אָפּהענגיק פון די באַדערפענישן פון די מוזולמענישע סעקטן און פון זייערע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אינטערעסן.

אומצאָליקע מאָל פלעגט מען אָפּווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון דעם ציבור פון די באמת פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר די פאַרברעכנס און שאַנד־טאַטן. דער ייד האָט אַלעמאָל געדינט אַלס שעיר לעזאזל. אויף אים האָט מען דאָס אַרויפגעלייגט די שולד פאַר כלערליי שאָדנס און פאַרברעכנס און פון אים האָט מען דאָס געפאָדערט, אַז ער זאָל בעטן מחילה פאַר נישט באַגאַנגענע עוולות.

ביז דעם היינטיקן טאָג באַשולדיקט מען יידן דעריין, אַז זיי האָבן מכלומרשט פאַרברעכערישע פּלענער צו באַהערשן די וועלט. פאַשיסטישע און נעאָנאַציסטישע עלעמענטן באַשולדיקן די יידן אין אַ צוזאַמענאַרבעט מיט די „פרייע־בויער״ און קאָמוניסטן, וועמענס איינציקער ציל איז צו שטירצן די עקזיסטירנדיקע אָרדע־נונג אין זייערע לענדער. די יידן האָבן בייגעטראָגן אַ וויכטיקן צושטייער צו דער קולטור פון פאַרשידענע לענדער, פונדעסטוועגן, וואַרפט מען זיי פאָר, אַז זיי זענען אומגעטרייע, וואַרצללאָזע קאָסמאָפּאָליטן.

די דאָזיקע טענות וועגן דער צעשטערערישער, צעשפּליטערנדיקער ראָל, וואָס יידן שפּילן אין דעם לעבן פון דער געזעלשאַפט, פאַרנעמען היינט דאָס צווייטע אָרט אין דער אַנטי־יידישער העצע.

דאָס ערשטע אָרט פאַרנעמט די באַשולדיקונג, אַז מדינת ישראל און דאָס יידישע פאָלק ווירקן קעגן דעם פּראָגרעס פון דעם מענטשעלכן מין בכלל. די דאָזיקע טענה איז אַבסורדאַל און אויסטערליש אין ליכט פון די פאַקטן, אָבער זי איז בכוח צו ווירקן אויף אומבאַוווסטזיניקע מאָסן. אייגנטלעך שעפּט די טענה איר כוח פון היטלערס תורה: וואָס גרעסער דער שקר איז, אַלץ מער אויסזיכטן האָט ער אָנגענומען צו ווערן בתנאי, אַז מען זאָל אים אוימאויפהערלעך און עקשנותדיק איבערחזרן.

אין דעם דיאַלאָג פון פּידאָן — זאָגט פּלאַטאָן, אַז די אומקלאָרקייט פון באַגריפן און ווערטער איז נישט נאָר אַ אומכבוד פאַר דעם שכל, נאָר אויך אַ באַליידיקונג פאַר דער מאָראַל. דער דאָזיקער חטא ווערט נאָך שטאַרקער, ווען צו דער נישט בכיוונדיקער אומקלאָרקייט פון געדאַנקען און מאָטיוון קומט צו די באַוווסטזיניקע, געשאַפענע פאַרנעפּלונג מיט דעם צוועק פאַרצושטעלן די סאַמע גראָבסטע ליגנס ווי אַלגעמיין־אָנערקענטע אמתן. אין אַזעלכע באַדינגונגען איז שווער צו פירן אַן אָפענעם און קלאָרן ויכוח, ווייל דער קעגנער באַמיט זיך דווקא צו אַפערירן מיט נישט געשטויגענע און נישט געפלויגענע אַרגומענטן. דאָך טאָר מען נישט שווייגן, ווייל אַנדערש קענען די אויסטראַכטענישן, בלבולים

און טריקן מצד די שונאים פון די יידן און ישראל אָנגענומען ווערן ווי אַן ענין, מיט וועלכן מען איז משלים. מיר מוזן זיך אַנטקעגנשטעלן דער אומאויפהערלעכער באַשולדיקונג, אַז יידן בכלל און ישראל בפרט פירן אַ פּאָליטיק, וואָס שטייט אין סתירה מיט דעם שטראָם פון „פּראָגרעס" אין גאָר דער וועלט, באַזונדערס, אין די איצטיקע טעג. כדי אונדזער אַנאַליז פון די פאַקטן זאָל נישט ליידן פון דער אומקלאָרקייט, מיט וועלכער עס צייכנט זיך אויס דער קעגנער, וועלן מיר קודם כל קלאָר דעפינירן דעם באַדייט פון „פּראָגרעס" נישט ווי אַן אַבסטראַקטע דעפיניציע פון דעם באַגריף, נאָר ווי ער קומט צום אויסדרוק אין דעם געשיכטלעכן גאַנג פון די לעצטע דורות און אין אונדזער צייט.

דער באַגריף „פּראָגרעס" איז דעפינירט געוואָרן אויף פאַרשידענע אופנים. עס זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האַלטן אַז די מענטשהייט פּראָגרעסירט אומ־אויפהערלעך, אַנדערע ווידער, לייקענען דערין. אייניקע טענהן, אַז אין דעם לעבן פון דער געזעלשאַפט קומען פאָר כסדרדיקע, וועזנטלעכע ענדערונגען, אַנדערע, ווידער, טענהן אַז דאָס געזעץ פון „אַנטאַרטונג" ווירקט גאָר אין דעם געזעלשאַפט־לעכן לעבן. עס רעדט זיך וועגן אַ טעמע, וואָס האָט אַ ספּעציעלן באַדייט פאַר דער פילאָזאָפיע פון דער געשיכטע. מיר וועלן נישט פירן קיין פּאָלעמיק, אָבער מיר וועלן אונטערשטרייכן פאָלגנדיקע פאַקטן:

1. אין די צייטן פון רענעסאַנס ווערן באַטראַכט די פרייהייט פון דער וויסנשאַפט און דאָס רעכט פון מענטש צו באַהאַנדלען די געהיימנישן פון קאָסמאָס און דעם גורל פון מענטש לויט זיינע אייגענעם איינזען — אַלס די יסודות פון „פּראָגרעס".

2. די פראַנצויזישע רעוואָלוציע און די אַמעריקאַנישע רעוואָלוציע האָבן פאַרהייליקט די רעכט פון דעם קיום פון דער ציווילער געזעלשאַפט פון וועלכער עס האָט זיך אָנגעהויבן אין 17טן יאָרהונדערט אויסקריסטאַליזירן דער באַגריף נאַציע; אין דער דאָזיקער געזעלשאַפט איז דאָס רעכט פון יעדן מענטש אויס־צודריקן פריי זיין מיינונג אין די ענינים פון דער געזעלשאַפט אויך באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ סימן פון פּראָגרעס.

3. דאָס נייַנצעטע יאָרהונדערט שטעלט אַוועק דאָס „סאָציאַלע פּראָבלעם" אין ליכט פון די זיך ענדערנדיקע עקאָנאָמישע און טעכנאָלאָגישע באַדינגונגען מיט אַ באַזונדערער שאַרפקייט. עס וואַקסן אויס פאַרשידענע תורות און פאַרשי־דענע טעטיקייט־סיסטעמען וועגן דער פאַרווירקלעכונג פון דעם געדאַנק פון גערעכטיקייט אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט ד. ה. ליקווידירן די אָרעמקייט, עמארצות און הינטערשטעליקייט פון גרויסע שיכטן אין דער באַפעלקערונג.

4. אין דעם זיבעצנטן יאָרהונדערט האָבן אויף אַ פאַרשידענעם אופן זיך אויסגעבילדעט די מדינות אין אייראָפּע. ענגלאַנד איז כראָנאָלאָגיש געווען „די ערשטע מדינה אין אייראָפּע", אַנדערע זענען אַנטשטאַנען שפּעטער. צום סוף

18טן יאָרהונדערט איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די זעלבסשטענדיקייט פון צפון־אַמעריקע און אין אָנהויב 19טן יאָרהונדערט זענען פאָרגעקומען די רעוואָלוציעס פאַר זעלבסטשטענדיקייט פון די שפּאַנישע קאָלאָניעס אויפן אַמעריקאַנער קאָנ־טינענט און פון אייניקע אונטערדריקטע מדינות אין אייראָפּע. די דאָזיקע גע־שעענישן האָבן געעפנט אַ נייעם עטאַפּ פון דער פּאָליטישער אַנטוויקלונג אין דער וועלט, וואָס ווערט פאַרגעזעצט אויך אין 20סטן יאָרהונדערט און וועלכע טראָגט היינט דעם נאָמען „די באַוועגונג פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייונג".

## די יידן אין ישראל לגבי דער וויסנשאַפט און דער פרייהייט פון גייסט

וועגן דעם מיטלאַלטער זענען פאַראַן אַנטקעגנזעצטע מיינונגען. דער אמת איז, אַז ער איז נישט געווען אַזוי אָפּגעשטאַנען, ווי עס מיינען אייניקע און נישט אַזוי אויפגעקלערט ווי עס האָלטן אַנדערע. די רענעסאַנס־תקופה, וואָס נעמט אַרום דעם 15טן און 16טן יאָרהונדערט איז געווען די אַריינפיר־תקופה פון דער מאָדערנער צייט, וואָס רעכנט זיך פון דעם 17טן יאָרהונדערט. אין דעם בוך פון ערנסט קאַסירער „דער פּרט און דער קאָסמאָס אין רענעסאַנס", ווערט אויפ־געקלערט דער גייסט פון אָט דער תקופה פון ענדערונגען. אין משך פון אָט דער צייט באַמיט מען זיך צו פאַרשטאַרקן דאָס רעכט פון דעם אינטעלעקט צו שאַפן פאַר זיך אַ קאָנסעקווענט, ראַציאָנעל בילד פון דער וועלט און פון דעם קיום פון מענטש. נאָכדעם ווי דער מענטשלעכער שכל האָט זיך באַפרייט פון די קייטן פון דעם מיטלאַלטערלעכן ראָמאַנטיזם, ווערט דער קאָסמאָס אַוועק־געשטעלט אין צענטער פון אַ אָביעקטיווער פאָרשונג. דאָס איז די תקופה פון דעם רעכט פאַר אַ „פרייעם אַנאַליז"; אין איר אַנטוויקלט זיך די נייע אַסטראָ־נאָמישע אויפפאַסונג פון דער וועלט; אין איר ווערן געמאַכט די באַרימטע געאָגראַפישע אַנטדעקונגען און דערפינדונגען, וועלכע ענדערן די אינטעלעקט־טועלע אַטמאָספער. גאַליליי, בייקאָן און דעקאַרט צייכענען דעם וועג פון אַ וויסנ־שאַפטלעכן צוגאַנג צו די דערשיינונגען פון דער נאַטור און פאַר אַ מאַטעמאַטי־שער פאָרמולירונג פון דער געזעצמעסיקייט אין די פאַרהעלטענישן צווישן זיי.

צוליב די באַזונדערע, געזעלשאַפטלעכע און רעכטלעכע באַדינגונגען אין וועלכע די יידן האָבן געלעבט — איז זיי דערמעגלעכט געוואָרן אַריינצוטרעטן אין דער וועלט פון דער נייער אייראָפּעישער קולטור ערשט אין דעם 18טן יאָרהונדערט און דאָס אויך נישט אין אַלע לענדער. דאָך האָט דער „יידישער פאַקטאָר" מיטגעווירקט אין דער באַפרוכפּערונג פון דעם „וויסנשאַפטלעכן גייסט" פון דעם רענעסאַנס אַלס פועל יוצא פון דעם יידישן געדאַנק אין מיטלאַלטער.

אין יעדער אָביעקטיווער, געשיכטלעכער באַהאַנדלונג פון דער קולטור קען

דער ערנסטער לייענער פעסטשטעלן אויף וויפל „מקור חיים" פון איבן גבירול און „מורה נבוכים" פון רמב"ם האָבן משפיע געווען אויף די דענקער פון מיטל־אַלטער, וואָס זענען געווען די פאָרגייער פון דעם רענעסאַנס.

ניקאָלאַס דע־קוזע, וועמענס תורה באַצייכנט דעם איבערגאַנג פון דעם געדאַנק פון מיטלאַלטער צו דעם געדאַנק פון רענעסאַנס, האָט געלייענט די יידישע שרייבער. דאָס זעלבע קען מען זאָגן וועגן פיאָטראָ פאמפאנאצי, וועלכער האָט אויך געלעבט אין דעם 15טן יאָרהונדערט.

אין 15טן יאָרהונדערט האָט געלעבט פיקא דע־לא־מיראנדאלא. יאָאַן רויכלין האָט געלעבט צווישן 1512—1455. ביידע זענען געווען קענער פון דעם יידישן וויסן. רויכלין האָט, אַפילו, איינגעפירט דעם לימוד פון העברעיש אין די אוני־ווערזיטעטן. זשיראַנדאָ ברונאָ, אַ וויכטיקע פערזענלעכקייט פון דער רענעסאַנס־תקופה האָט געשעפּט זיין אינספּיראַציע אין אַ גרויסער מאָס פון „מקור חיים" פון איבן גבירול פון דעם 11טן יאָרהונדערט. סערוואַנטעס ציטירט אין זיין אַריינ־פיר צו „דאָן קישאָט" דעם ליבע־שמועס פון דעם „העברעישן לעאָן" יהודה אברבנאל, וואָס האָט געלעבט אין די 1530—1465. דאָס דאָזיקע בוך האָט אַרויס־גערופן גרויס אינטערעס מצד פיל שרייבער אין דער רענעסאַנס־תקופה. עס איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז די יידישע טראַדיציע האָט זיך באַצויגן מיט אַ באַ־שטימטער האַרבקייט לגבי די פאָדערונגען פון פערזענלעכער אויפפירונג, אָבער נישט לגבי דער פרייהייט פון געדאַנק.

וויכטיקער פון דעם באַפרוכפערנדיקן יידישן איינפלוס אין דער באַפרייונג פון דעם מענטשלעכן גייסט אין דער רענעסאַנס־תקופה איז דאָס ווערק, וואָס יידישע געלערנטע האָבן געשאַפן גלייך נאָך, ווי פאָר זיי זענען געעפנט געוואָרן די טויערן פון וויסנשאַפטלעכער טעטיקייט. דער וויסנשאַפטלעכער געניוס פון די יידן איז געקומען צום אויסדרוק אין אַלע צווייגן פון דער וויסנשאַפט — פון פסיכאָלאָגיע ביז מאַטעמאַטיק. מען קען זאָגן, אָן אַ טראָפּן פון איבערטרייבונג, אַז וואָס שייך דער צאָל שטעלן מיט זיך פאָר די יידן אַ מענטשלעכע גרופּע, וואָס האָט בייגעטראָגן דעם גרעסטן צושטייער צו דער אַנטוויקלונג פון דער וויסנשאַפט אין משך פון די לעצטע צוויי יאָרהונדערטער, און גאַנץ באַזונדערס, אין דעם איצטיקן יאָרהונדערט. דער דראַנג צו וויסן, די תלמוד־אייגנשאַפטן, דאָס הויכשעצן די פראַגן פון גייסט — דאָס אַלץ האָט געבילדעט אַ קוואַל, וואָס האָט זיך פאַנאַנדערגעגאָסן גלייך, ווי מען האָט נאָר דערלויבט די יידן „צו דינען גאָט" און אויסצופאָרשן די וועלט, וואָס ער האָט געשאַפן.

די אוניווערזיטעטן אין ישראל, דער טכניון, דער וויצמאַן־אינסטיטוט און אַנדערע לער־אַנשטאַלטן, מאַכן אַ ריזיקע אַרבעט אין פאַרגלייך מיט דער גרויס פון דער מדינה, איר באַפעלקערונג און נאַטירלעכע אוצרות. נישט נאָר מען פלעגט און מען אַנטוויקלט די וויסנשאַפט אין ישראל און מען איז זיך מתעסק

מיט פילאָזאָפיע מיט דער פולער פרייהייט, נאָר עס איז אין איר אויך געשאַפן געוואָרן אַ פּאָלקסטימלעכע אַטמאָספער פון פאַרערונג און כבוד לגבי וויסנשאַפט־לעכע ווערטן און דערגרייכונגען. ישראל דינט אַלס אַ צענטער פון וויסנשאַפט־לעכער קולטור אין איינעם פון די אָפּגעשטאַנענסטע טיילן פון דער וועלט פון דעם שטאַנדפּונקט פון וויסנשאַפטלעכער אַנטוויקלונג און אַקטיוויטעט.

## יידן, ישראל און פרייהייט פון פּרט

דער יידישער דענקער, פילאָן פון אַלעקסאַנדריע, וואָס האָט געלעבט אין דער צייט פון ישו — איז דער פאָטער פון דעם באַגריף וויסנשאַפט, ווי ער איז אויפגענומען געוואָרן אין דער מערב־וועלט. נאָך פאַר פילאָנען, אין תנ״ך, איז פאַראַן אַן אָנזאָג וועגן דעם נאַטירלעכן רעכט פון דעם מענטש. נאָך איידער עס האָט זיך באַוויזן דאָס קריסטנטום, האָט דער יידישער געריכט־וועזן אַנטוויקלט דעם געדאַנק פון „נאַטור־רעכט״. מיר מיינען די 7 מצוות פון נח׳ס קינדער, לויט וועלכע אויך אַ גוי קען קויפן זיין חלק אויף „עולם הבא״. אין תלמוד בבלי ווערט געזאָגט, אַז די דאָזיקע מצוות בנוגע עבודה זרה, גלוי עריות, שפיכות דמים, ברכת השם, משפט, רויב און אבר מן החי — גייען אָן דעם גאַנצן מענטשלעכן מין.

דער געדאַנק, אַז די מענטשלעכע געזעלשאַפט עקזיסטירט אַלס רעזולטאַט פון אַן אָפּמאַך און בונד — שטאַמט אייגנטלעך פון אַ יידישן מקור און די דאָזיקע תורה האָט געשפילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער צוגרייטונג צו דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. דערמיט דערקלערט זיך אויך דאָס רעכט פון מענטש צו לעבן אין איינקלאַנג מיט זיין געוויסן און געניסן פון דער פרייהייט פון געדאַנק, אויסדרוק און אָרגאַניזאַציע. די יידן האָבן נישט זוכה געווען אין גלות אין פולע מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט. אָבער, צי עקזיסטירן היינט פיל לענדער אין דער וועלט, וואָס געבן זייערע איינוווינער אַזאַ מאָס פון בירגער־לעכער און פּאָליטישער גלייכבאַרעכטיקונג, פרייהייט פון געדאַנק און וואָרט ווי אין מדינת ישראל? צי וואַרפט מען אין ישראל אין תפיסה קאָמוניסטן, למשל? דאַקעגן אין די שכנותדיקע אַראַבישע לענדער, וואָס פירן אַ ריזיקע אַנטי־ישראלדיקע פּראָפּאַגאַנדע, זענען די תפיסות איבערגעפולט מיט פּאָליטישע קעגנער פון עקזיסטירנדיקן רעזשים דאָרט. אין עיראַק רודפט מען און מען הרגעט קורדן און אין מצרים אַרעסטירט מען קאָמוניסטן. אין ישראל, אָבער, ווערן אָפּגעהיטן די רעכט פון די בירגער אַפילו אין צייטן פון באַלאַגערונג און מלחמה.

## די יידן, ישראל און סאָציאַלע גערעכטיקייט

לונאטשארסקי, דער מענטש פון גייסט און דער ערשטער מיניסטער פאַר דערציונג און קולטור אין דער קאָמוניסטישער רעגירונג פון לענין, ווידמעט אין

זיין בוך „רעליגיע און סאָציאַליזם" אַ קאַפּיטל דער יידישער רעליגיע און איר אַנטוויקלונג. ער ווייזט אַז, אַז אין דעם יידישן פאָלק האָט געלעבט פון די אור־אַלטסטע צייטן „די בענקשאַפט צו גערעכטיקייט". לונאַטשאַרסקי וואַרפט אָפּ די מיינונג פון די, וואָס האָבן אונטערן איינפלוס פון פויערבאַך, אונטערגעשעצט די ווערטן פון יידנטום אין פאַרגלייך מיט דער קולטור פון די גריכן. דאָס יידנטום האָט פאַרוואַנדלט יהוה אין דעם גאָט פון די ליידנדיקע מאַסן אין גאָר דער וועלט און די נביאים, וואָס האָבן געפאָדערט אמת און גערעכטיקייט, האָבן פּאַק־טיש געלייגט דעם יסוד פאַר פּאָליטישער און עקאָנאָמישער גלייכהייט. לויט זיין מיינונג קומט אין תנ"ך צום אויסדרוק די בענקשאַפט צו גערעכטיקייט און נישט דער גלוסט צו הערשאַפט. דער גאָט פון תנ"ך סימבאָליזירט די גערעכטיקייט און די פאָדערונג פון גלייכהייט. דעריבער פאַרזיכערט ער דעם נצחון פון די מענטשן, וואָס גייען בדרך הישר און זאָרגן פאַר די נויטן פון די אונטערדריקטע. עס איז גאָרנישט קיין ווונדער, וואָס דער תנ"ך האָט אינספּירירט באַוועגונגען, וואָס האָבן געשטרעבט אויסצולייזן אונטערגעדריקטע קלאַסן. ווי ווייט און ווי פאַרשידן איז דער אופן פון דענקען פון לונאַטשאַרסקין פון די אַנטי־יידישע באַליידיקונגען און דערנידעריקונגען פון קיטשקאָ — דער אַנטיסעמיטישער מחבר פון בוך: „יידנטום אָן באַפּוצונגען"!

יידן האָבן דערפילט אומגעהויער־וויכטיקע אויפגאַבן אין די אַרבעטער־באַוועגונגען אין דער וועלט און אין דער פאָרמירונג און אויסקריסטאַליזירונג פון זייערע אידעאָלאָגישע פּראָגראַמען. יידישע אַרבעטער־באַוועגונגען האָבן עקזיסטירט אין מזרח־אייראָפּע אין משך פון צענדליקער יאָרן ביז דער קאָמוניסטישער רעזשים פון איין זייט און די נאַצישע אויסראָטונג פון דער אַנדערער האָבן גורם געווען צו דעם גייסטיקן און פיזישן אונטערגאַנג פון דעם דאָזיקן יידנטום. די רעאַקציאָנערע כוחות מכל המינים האָבן באַשולדיקט די יידן דערין, אַז זיי שטרעבן אַדורכצופירן אַ וועלט־רעוואָלוציע. פון דער צווייטער זייט פלעגט מען באַשולדיקן יידן — צוליב זייערע געלט־אינטערעסן — ווי די באַשיצער פון דער עקזיסטירנדיקער, קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. די פּראָטאָקאָלן פון די זקני ציון, וואָס זענען פאַבריצירט געוואָרן דורך דער געהיים־פּאָליציי אין דער צייט פון די צאַרן — בילדן אַ הויפּט־יסוד אין דער ליגנערישער אַנטי־יידישער פּראָ־פּאַגאַנדע.

דער אמתער יידישער גייסט קומט צום אויסדרוק אין דעם לעבן פון מדינת ישראל. פון דעם באַגינען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג האָט אַ סאָציאַליסטישע שטרעמונג געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין איר אַנטוויקלונג. די סאָציאַלע געזעצ־געבונג אין ישראל איז פון די פאָרגעשריטנסטע אויף דער וועלט. ווו נאָך אין דער וועלט זענען פאַראַן קערפּערשאַפטן, ענלעכע צום קבוץ? די הסתדרות העובדים מיט איר גרויסער השפעה אין דעם ווירטשאַפטלעכן, געזעלשאַפטלעכן

און פּאָליטישן לעבן פון ישראל איז די סאַמע אייגנאַרטיקסטע אָרגאַניזאַציע אין דער וועלט. דאָס איז אַ אָרגאַניזאַציע, וואָס באַשעפטיקט זיך נישט נאָר מיט די פּראָפעסיאָנעלע ענינים פון די לוין־אַרבעטער, נאָר גיסט אויך יסודות פאַר אַן אַרבעטנדיקער, קאָלעקטיווער געזעלשאַפט. די פיינט פון ישראל זעען נישט דאָס אַלץ און שטעלן פאַר ישראל ווי אַ רעאַקציאָנערע קאַפּיטאַליסטישע מדינה.

## די יידן, ישראל און „נאַציאָנאַלע באַפרייונג"

בעת משה העס האָט אין יאָר 1862 פאַרעפנטלעכט זיין בוך „רוים און ירושלים", אין וועלכן ער האָט צום ערשטן מאָל אַוועקגעשטעלט די יידן־פראַגע אין איינקלאַנג מיט דעם מאָדערנעם פּאָליטישן געדאַנק, האָט ער נישט געטראַכט בלויז וועגן דער באַפרייונג פון דעם יידישן פאָלק פון די דערנידעריקע באַדינגונגען, אין וועלכע עס האָט געלעבט. ער האָט אין דער באַפרייונג געזען נאָר אַ טייל פון אַ וועלט־פּראָצעס. ער האָט געחלומט וועגן אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט אין לאַנד פון די אָבות און ער האָט באַטראַכט איר פאַרווירקלעכונג ווי אַ טייל פון דער אוניווערסאַלער מענטשלעכער באַפרייונג. ווען טעאָדאָר הערצל האָט פּראָקלאַמירט דעם געדאַנק וועגן מדינת ישראל, האָט ער אויך געזאָגט, אַז די באַפרייונג פון דעם יידישן פאָלק וועט דינען ווי אַ ביישפּיל פאַר די פעלקער פון אַפריקע, וואָס ווערן אונטערדריקט דורך קאָלאָניאַליסטישע מדינות. ווי נאָר מדינת ישראל האָט געקענט פריי אָפּעטעמען האָט זי גלייך אָנגעהויבן דערטיילן טעכנישע און וויסנשאַפטלעכע הילף די נישט־אַנטוויקלטע לענדער. פיל אַפריקאַנער קומען קיין ישראל כדי צו לערנען פון איר דערפאַרונג און אויפטוען און פיל ישראלים ווערן געשיקט אין די לענדער פון אַפריקע און אַזיע, כדי זיי צו העלפן אויפן געביט פון וויסנשאַפט, טעכניק, דערציונג און געזונט־הייט. אין ישראל קענען די אַראַבישע בירגער פריי זיך אויסלעבן לויט זייער אמונה און טראַדיציעס אין דער צייט, למשל, ווען אין עיראַק פאַרניכטעט מען די קורדים, ווייל זיי ווילן לעבן לויט זייער שטייגער.

עס זענען היינט פאַראַן קרייזן, ביי וועלכע פּראָגרעס גייט נישט האַנט־ביי־האַנט מיט פרייהייט פון דעם אינדיווידיאום, מיט די רעכט פון דעם מענטש. אָבער איינער פון די נביאים, דער נביא מיכה, האָט אָנגעזאָגט צייטן, ווען יעדעס פאָלק און יעדער מענטש וועט רוען אונטער זיין פייגן־און־טייטל־בוים און קענען דינען זיין גאָט אומגעשטערט. דער דאָזיקער נביאישער געדאַנק איז דער אידעאַל פון ישראל.

מדינת ישראל איז נישט קיין צופעליקע דערשיינונג, נאָר די פאַרווירקלעכונג פון אַ דורותלאַנגער שטרעבונג פון דעם יידישן פאָלק צו שאַפן פאַר זיך נאָר־מאַלע באַדינגונגען פון אַ פרייעם זעלבסטשטענדיקן לעבן, אין וועלכע ער זאָל

קענען פריי אַנטוויקלען זיין נאַציאָנאַלע און אוניווערסאַלע קולטור. דאָס, וואָס מיר רופן אָן אין אונדזער צייט: דער קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייונג, איז אייגנטלעך געווען דער נישטבאַוואָפנטער געראַנגל פון די יידן אין משך פון דורות. נאָך אין דער תקופה פון די מכבים האָבן זיי געדינט אַלס ביישפּיל פון אַ קליין פאָלק, וואָס פירט אַ קאַמף פאַר זיין פרייהייט קעגן אַ גרויסמאַכט — דער גריכיש־סירישער אימפעריע. 300 יאָר נאָכדעם האָט זיך פאַרענדיקט דער העראָיש־טראַגישער קאַמף פון אַ קליין הייפעלע גיבורים, וואָס האָבן געקעמפט קעגן דער רוימישער אימפעריע און בשום אופן נישט געוואָלט משלים זיין מיט אַ מצב פון אונטערדריקונג און קנעכטשאַפט. דאָך שטעלט פאַר די פיינטלעכע פּראָפּאַגאַנדע, ישראל און די יידן אַלס די שונאים פון מענטשלעכן פּראָגרעס און ווי קעגנער פון דער באַפרייונג פון די קאָלאָניאַלע פעלקער. זיי פאַרשפּרייטן אויך דעם בלבול אַז ישראל איז אויפגעשטעלט געוואָרן, כדי צו זיין אַן איינ־סטרומענט אין די הענט פון אימפּעריאַליזם. זיי ווייסן נישט, אָדער ווילן נישט וויסן, אַז די בענקשאַפט פון יידן צו זייער אַלט היימלאַנד האָט געלעבט אַ סך פריער, ווי מען האָט בכלל געהערט דאָס וואָרט אימפּעריאַליזם. דאָס לאַנד צו וועלכן יידן האָבן זיך אומגעקערט איז זייער היסטאָריש לאַנד, דאָס וויגעלע פון זייער אוראַלטער קולטור, איינע פון די סאַמע אָריגינעלסטע קולטורן פון דער מענטשהייט. ארץ־ישראל איז קיינמאָל נישט געווען די טעריטאָריע פון וועלכער נישט איז אַראַבישער מדינה.

די געלערנטע, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט אויספאָרשן די יידישע קולטור פון איר רעליגיעזן אָנהויב, האָבן פעסטגעשטעלט, אַז דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון יידנטום איז די אידייע פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, די קהילה, די אידייע וועגן דעם לעגיטימען קיום פון מענטשלעכע פאַרייניקונגען אויפן יסוד פון זייערע געמיינזאַמע שטרעבונגען און געמיינזאַמען גלויבן און אַנשויונגען. דאָס קריסטנטום, דאַקעגן, לייגט דעם טראָפּ גיכער אויף דער גאולה פון דעם פּרט און רעכנט זיך נישט באַזונדערס מיט די באַדערפענישן פון דער געזעלשאַפט. דאָך פאָדערט מען פון די יידן צו זיין קאָסמאָפּאָליטן און אַנדערע גיט מען דאָס רעכט צו לעבן ווי מיטגלידער פון אַ נאַציע. פון די יידן וויל מען צורויבן דאָס רעכט פאַר זעלבסטפאַרטיידיקונג, בעת אירע שונאים באַפאַלן מדינת ישראל מיט דעם ציל איר חרוב צו מאַכן און פאַרטיליקן אירע איינוווינער און אַז זי באַשיצט זיך פון אירע איבערפאַלער — פאַרשרייט מען איר אַלס „אַ מיליטאַריסטישע און עקספּאַנסיאָניסטישע מדינה".

יידן אין ישראל האָבן געוווּסט ווי אַזוי צו פאַרטיידיקן זיך אין דריי מלחמות. זיי זענען, אָבער, נישט קיין מיליטאַריסטן און זיי גלויבן מער אין כוח פון גייסט ווי אין דער פיזישער קראַפט. מיט דעם פאַרטיידיקן זיך, דערפילן זיי כלפּי זיך אַליין די פליכט פון פאַרזיכערן זייער קיום. אין דעם מוח פון די יידן און פון

דעם פאָלק אין ישראל לעבט כסדר דאָס וואָרט פון די נביאים, וועלכע זענען אַרויסגעטראָטן שאַרף קעגן מלחמות און אָנגעזאָגט צייטן פון שלום און פעלקער־פאַרברידערונג. די זעלבע, וואָס סטעמפּלען ישראל און די יידן ווי די פיינט פון פּראָגרעס, פאַרשווייגן די עקזיסטענץ פון אַ שקלאַפן־מאַרק אין סעוד־אַראַביע, זיי פאַרשווייגן אויך דעם רעזשים פון טיראַניע אין מצרים, סיריע, עיראַק און אַלזשיר. זיי די א.ג. קעגנער פון אימפּעריאַליזם רעאַגירן כלל נישט אויף די פּרוּוון פון נאַסער צו באַהערשן אַנדערע אַראַבישע לענדער.

אַלס אַ פּאָרגעשריטענע, דעמאָקראַטישע, סאָציאַליסטישע — אין אַ גרויסער מאָס — און שלום־ליבנדיקע מדינה, וואָס ווייסט ווי אַזוי זיך צו באַשיצן און וואָס דערטיילט הילף אַנדערע מדינות — דינט ישראל דעם פּראָגרעס פון דער מענטשהייט האַנט־ביי־האַנט מיט דעם בויען פון איר אייגן זעלבסטשטענדיק פריי לעבן. דאָס וואָרט ציון און "ציוניזם" האָבן אויסגעדריקט און דריקן אויס די האָפענונג אויף גאולה פון אַן אַלט, שווער־געפּרוּווט און לײַדנפול פאָלק, דעם גלויבן אין דעם שאַפן פון אַ פרייער, ציוויליזירטער געזעלשאַפט, וואָס זאָל זיין ראוי צו פאַרנעמען איר פּלאַץ צווישן די סאַמע פאָרגעשריטנסטע אין דער וועלט.

**אברהם תרשיש**

# די יידישע זעלבסט־נעגאַציע

(אָדער: יידישער קאָסמאָפּאָליטיזם אין אונדזער צייט)

אין פלוג — אַן אַלטע טעמע. זייער פיל האָבן זיך באַשעפטיקט מיט דעם אויספאָרשן די פסיכאָלאָגיש־זעלישע סיבות פון דער יידישער „זעלבסטפאַר־לייקענונג" און דאָך איז די טעמע אַלע מאָל פריש און ניי; נישט געקוקט אויף דער דערפאַרונג פון די לעצטע דורות; נישט געקוקט אויף די קלעפּ, וואָס די יידישע אַסימילאַציע האָט באַקומען מצד די „קולטורעלע" פעלקער אין אייראָפּע און זייער אָפּוואַרפן די יידישע „איבערפלאַנצונג" צווישן זיי און טראָץ דעם אויפוואַך פון נאַציאָנאַלע באַוועגונגען אין אונדזער יאָרהונדערט אין אייראָפּע, אַזיע און אַפריקע, וואָס האָט אַרויפגעפירט אויף דער געשיכטלעכער בינע אויך „אומבאַקאַנטע" פעלקער און דעם אַנטשטיין פון נייע נאַציאָנאַלע מדינות, אַלס פועל־יוצא פון דעם „דע־קאָלאָניזאַציע"־פּראָצעס.

יידישע אינטעלעקטואַלן, וואָס באַטראַכטן זיך פאַר „לינק" און אַלס טרעגער פון דער „וועלט־בירגערשאַפט" זענען גרייט צו באַגריסן יעדע נייע נאַציאָנאַלע דערשיינונג אין אַזיע און אַפריקע און זען אין איר דעם אויסדרוק פון נאַציאָנאַלער באַפרייונג. דאַקעגן לגבי יידן האָבן זיי אַן אַנדערן קוק. זיי באַציִען זיך מיט ביטול און אָפּגעפרעמדקייט צו דער יידישער נאַציאָנאַלער באַפרייונג־באַוועגונג און מדינת ישראל טאַדלען זיי אַלס אַ רעאַקציאָנערע „אימפּעריאַליסטישע" דערשיינונג, וואָס איז אַדורכגעדרונגען מיט „שאָוויניסטישן גייסט".

געוויס, קען אַ מענטש זען אין די „נאַציאָנאַליזאַציע"־פּראָצעסן פון די פעלקער אַ מכשול אויפן וועג פון אינטעגראַציע, אוניווערסאַליזם און „האַרמאָניע" פון דער וועלט. אָבער דער היסטאָרישער און פּסיכאָלאָגישער פאַקט וועט זיך דורך דעם נישט ענדערן. דער דאָזיקער פּראָצעס גייט שוין לאַנגע דורות און ער פאָרמירט די געשטאַלט פון פעלקער, דאָס געזעלשאַפטלעכע און וועלטלעכע לעבן אין אייראָפּע אין משך פון די לעצטע צוויי יאָרהונדערטער. פון אַמעריקע איז ער אַריבער צו אַנדערע קאָנטינענטן ביז ער האָט דערגרייכט זיין הויכפּונקט אין אונדזער תקופה.

די אינטעלעקטואַלן פון דעם 19טן יאָרהונדערט זענען געשטאַנען אין שפּיץ פון די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען און זיי האָבן געזען דערין אַ טרייב־קראַפט

פאַר פאַרשריט, פון קאַמף פאַר דער פרייהייט פון מענטש און פאַר דעמאָקראַטיע. אַפילו די באָלשעוויסטישע אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין 1917 האָט געזען אין דעם רעכט פון „זעלבסטבאַשטימונג פון פעלקער" פאַר גרויסע און קליינע צוגלייך, אַן אומדערשיטערלעכן יסוד און אַ מעכטיקן כוח לטובת אַ פערמאַנענטער רע־וואָלוציע. אָבער דער באָלשעוויזם האָט געפעלשט דאָס רעכט פון זעלבסט־באַשטימונג פאַר די פעלקער פון רוסלאַנד פונקט ווי ער האָט פאַרקריפּלט די אידעען פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע. דער פּרינציפּ וועגן דער פרייהייט פון פעלקער און זייער זעלבסטשטענדיקייט איז נישט באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ „רעאַקציאָנערער" פּרינציפּ, אָדער אַלס מכשול פאַר אוניווערסאַליזם און דער באַפרייונג פון דעם מענטש פון די קייטן פון פאַרשקלאַפונג. דאָס איז געווען אַן עיקר־יסוד אין דער מענטשלעכער פרייהייט־באַוועגונג. קען דען אַ מענטש זיין פריי בשעת זיין פאָלק איז פאַרשקלאַפט? איינצלנע מענטשן, יחידים קענען פאַרלייקענען זייער אָפּשטאַם, זיך אינטעגרירן אין אַן אַנדער פאָלק און זיך צואייגענען אַ פרעמדע קולטור. אָבער איז אַזאַ זאַך מעגלעך פאַר די פאָלקס־מאַסן, וואָס לעבן נישט אויף אַ קאָסמאָפּאָליטישן אָלימפּ, נאָר אין זייערע עדות אין זייערע קהילות, אין זייערע באַזונדערע לעבנס־פאָרמען, אין זייער באַזונ־דערער וועלט פון באַגריפן און געוווינהייטן, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אין משך פון דורותלאַנגער קולטורעלער, שפּראַכלעכער און גייסטיקער אַנטוויקלונג?

אמת, אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג זענען געווען קרייזן, וואָס האָבן נישט אָנערקענט דעם פּרינציפּ פון „נאַציאָנאַליזם". מאַרקס, למשל, איז געווען קעגן דעם עקזיסטענץ־רעכט פון טשעכיע אַלס אַ נאַציע און אויך לגבי אַנדערע קליינע נאַציעס. בנוגע די יידן האָט ער אַרויסגעוויזן אַן איבעראַשנדיקע עם־הארצות, נישט נאָר לגבי זייער געשיכטע, נאָר אויך לגבי זייער געזעלשאַפטלעכן מצב אין לענדער, וועמענס פּאָליטישע און סאָציאַלע באַדינגונגען זענען אים געווען זייער גוט באַקאַנט. די עמאַנציפּאַציע פון די יידן האָט זיך געבונדן מיט דער עמאַנציפּאַציע פון קאַפּיטאַליזם און דעם קאַפּיטאַליזם האָט ער אידענטיפיצירט מיט יידנטום. דער קאָסמאָפּאָליטיזם זיינער האָט געבערענגט שאָדן זיין געניאַליטעט. ראָזאַ לוקסעמבורג, וואָס האָט געשטאַמט פון יידן, איז געווען קעגן דער זעלבסט־שטענדיקייט פון פוילן און קעגן איר אָפּרייס פון רוסלאַנד. אָוודאי זענען פיל סאָציאַליסטישע דענקער, באַזונדערס יידן, געווען קעגן דעם עקזיסטענץ־רעכט פון דעם יידישן פאָלק. צווישן זיי זענען געווען פלעכאַנאָוו, לענין און פיל סאָציאַליסטן פון די מערב־לענדער.

פאַר דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט לענין פיל געשריבן קעגן דער פאַר־שקלאַפונג פון פרעמדע פעלקער אין דער גרויסער רוסישער אימפּעריע און, אַפילו, קעגן דעם „גרויסרוסישן שאָוויניזם". שפּעטער, אָבער, איז ער נישט גע־בליבן, אין דער פּראַקטיק, טריי זיינע פריערדיקע מיינונגען. נאָך דער אָקטאָבער־

רעוואָלוציע האָבן די סאָוויעטישע הערשער מיט אַן אייזערנער האַנט דערשטיקט די זעלבסטשטענדיקייט פון פעלקער אין ראַטן־פאַרבאַנד אין נאָמען פון דער „וועלט־רעוואָלוציע". אַלע די, וואָס וווּנדערן זיך איצט אויף דער פּאָליטיק פון ראַטן־פאַרבאַנד לגבי טשעכאָסלאָוואַקיע — קענען געפינען די וואָרצלען פון דער דאָזיקער פּאָליטיק לגבי קליינע, — צו פרייהייט שטרעבנדיקע — פעלקער, נאָך אין דעם סאַמע באַגינען פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע.

די גרינדער פון די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען אין 19טן יאָרהונדערט, האָבן אָבער, נישט געזען אין דער נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט אַ „פּאַרטיקולאַריזם", אַן אבן־נגף אויפן וועג פון פאַרווירקלעכן דעם סאָציאַלן אידעאַל פון אַ פּאָר־געשריטענער, הומאַנישער און „אוניווערסאַליסטישער" געזעלשאַפט אין דער פאָרם פון אַ פאַרבאַנד פון פרייע זעלבסטשטענדיקע פעלקער. דער קיום פון נאַציעס איז אַ נאַטירלעכע דערשיינונג אין דער געשיכטע פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג און נישט עפּעס אַ צופעליקע באַשעפעניש, מעשה ידיהם, פון באַגרענעצטע און בייזוויליקע פירער, וואָס האָבן געשטרעבט צו פאַראייביקן דעם קיום פון זייערע „שבטים". דער נאַציאָנאַליזם איז טיף פאַרוואָרצלט אין דער קולטור פון מענטש פון די צייטן פון דעם אוראַלטן גריכנלאַנד און די טעג פון מלכות ישראל ויהודה. געוויס, איז דאָס ריכטיק אויך לגבי דער קולטור פון כינע און דער געשיכטע פון אינדיע און אַנדערע פעלקער אין אַזיע און אַפריקע.

סאָציאַלע, נאַציאָנאַלע, גייסטיקע און קולטורעלע אידעען האָבן תמיד געטראָגן אַן אוניווערסאַלן, „קאָסמאָפּאָליטישן" כאַראַקטער אין זין פון זייער פונאַנדער־שפּרייט צווישן פעלקער. ס'איז מאָדנע, וואָס יידן און נישט־יידן, וועלכע זענען גוט באַהאַוונט מיט די אַנטוויקלונגס־פּראָצעסן און געשיכטע פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט און קולטור, פאַרלירן זייער שכל הישר נאָר ווי זיי באַטראַכטן דערשיינונגען פון דעם לעבן, אַנטוויקלונג און כאַראַקטער פון דעם יידישן פאָלק. דער קאָמפּלעקס פון „צוגעהעריקייט" אָדער „נישט־צוגעהעריקייט" צום יידישן פאָלק באַהערשט זייער אורטייל־פעיִקייט און אָביעקטיווע זעעוודיקייט. דערין איז זיכער שולדיק דער יידישער נע־ונד און דער „אָרגאַנישער" קאָסמאָפּאָליטיזם פון אַ פאָלק, וואָס איז צעשפּרייט צווישן פעלקער און לענדער און דער מאַנגל פון וואָרצלען, וואָס זענען בכוח אַרויסגעריסן געוואָרן מיט 2 טויזנט יאָר צוריק.

די געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק: זיין פאַרגאַנגענהייט אין זיין לאַנד פאַר 3־4 טויזנט יאָר, זיינע גייסטיקע דערגרייכונגען, זיין קולטור, זיינע ליידן אַלס אַ קליין פאָלק אין אַ קליינער מדינה, אַרומגערינגלט מיט פיינטלעכע שכנים, זיין אייגנאַרטיקער לעבנס־שטייגער און זיין שפּעטערדיקער זיין צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט — דאָס אַלץ שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרויסע היסטאָרישע דראַמע, וועמענס זין און מהות עס קענען נישט משׂיג זיין אַפילו

רעליגיעזע פירער און וויסנשאַפטלער, דענקער און היסטאָריקער. דער גאַנג פון דער יידישער געשיכטע לאָזט זיך נישט אַלעמאָל דעפינירן מיט די כללים און סימנים, וואָס היסטאָריקער האָבן אָנגעוועגדעט לגבי דורות און תקופות אין דער געשיכטע פון אַנדערע פעלקער. אויך די דערשיינונג פון נאַציאָנאַלער פאַרלייקענונג, פון זוכן סוראָגאַטן פאַר דעם נאַציאָנאַלן לעבן סיי אין דער ראָם פון דער יידישער רעליגיע און הן אין דער ראָם פון אַ וועלטלעכער קולטור — נעגירנדיק דערביי די יידישע מדינה פון אונדזער צייט — איז איינע פון די משונהדיקע דערשיינונגען אין דער יידישער געשיכטע, וואָס איז אַדורכגעזאַפּט מיט טריישאַפּט אָן גרענעצן, „קידוש השם" און מסירות נפש פון איין זייט און מיט אַראָפּוואַרפן פון זיך די יידישע ירושה, מיט שמד, אַסימילאַציע און מיט משיחישן און מאַטעריעלן קאָסמאָפּאָליטיזם פון דער אַנדערער. הגם, אָט די אַלע אילוזיעס און אומוועגן האָבן אַנטוישט און אַנטוישן, פונדעסטוועגן לעבן־זיי־אויף און ווערן געפּרעדיקט און געפּרוווט אויפסניי דורך יעדן דור לויט זיין געמיט און סטיל. יעדער דור אַנטפּלעקט אויפסניי אָט די יידישע „משונהדיקייט" אָדער, ער באַטראַכט זי לויט דער באַציִונג פון פאַרשידענע טעאָרעטיקער, וואָס זאָגן אָפּ די יידן זייער רעכט צו זיין אַ פאָלק מיט פעלקער צוגלייך.

## די אידענטיפיצירונג, וואָס האָט אויפגעבליצט און פאַרשוווּנדן

בעת דער זעקסטאָגיקער מלחמה האָט אַ גוואַלדיקער אויפברויז אַרומגעכאַפּט אַלע יידישע ישובים אין דער וועלט, אַפילו, די סאַמע דערווייטערסטע און רויִקסטע האָבן דערפילט אָן ערד־ציטערניש אונטער זייערע פיס. אויך אין האַרץ פון איבערצייגטע אַסימילאַטאָרן, פון אינטעלעקטואַלן, וואָס לעבן „חיי־עולם", פון נביאים, וואָס זאָגן אָן דעם סוף פון דער „תקופה פון נאַציאָנאַליזם" אין לעבן פון פעלקער האָט אויף אַ רגע אויפגעבליצט דער געפיל פון זיך אידענטיפיצירן מיט מדינת ישראל, איבער וועלכער עס האָט געשוועבט די סכנה פון פאַרניכטונג מצד די שאָוויניסטישע אַראַבישע מדינות, מיט דער הילף פון דעם טאָטאַליטאַרן סאָוויעטישן אימפּעריאַליזם. עס האָט אויפגעבליצט און פאַרשווּנדן. די פרעמדקייט און אָפּפרעמדונג, וואָס זענען צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן, האָבן אויפסניי פאַרנומען זייער פּלאַץ אויס טעמים פון באַקוועמלעכקייט און געוווינהייט.

דער נצחון פון ישראל איבער אירע פיינט אויפן שלאַכטפעלד; די בייזוויליקע סאָוויעטישע פּראָפּאַגאַנדע, וואָס באַמיט זיך צוריקצוגעבן מיט „פּאָליטישע מיטלען" די אַראַבער דאָס, וואָס זיי האָבן פאַרלוירן אין דער מלחמה; דאָס באַשמוצן ישראל אַלס אַ מדינה, וואָס האָט „דעראָבערט פרעמדע שטחים" און אַלס אַ פאַרבינדעטע פון מערבדיקן אימפּעריאַליזם; די אַראַבישע פּראָפּאַגאַנדע, וואָס באַקלאָגט דעם גרויסן אומגליק פון די אַראַבישע פעלקער, וועלכע זיי אַליין

האָבן גורם געווען — דאָס אַלץ האָט אָפּגעשראָקן דעם יידישן אינטעלעקטואַל, וואָס איז געגויגט צו זיין „נייטראַל", אָביעקטיוו און זייער וואָכזאַם לגבי די שטימונגען פון דעם „נייעם לינקס", לגבי דער שטים פון מאָסקווע און אַפילו פון דע־גאָל.

ריימאַן אהרן דער יידיש־פראַנצויזישער סאָציאָלאָג, וועלכער גרייפט אָן מיט ביטערניש דע־גאָלס אַרויסטריט קעגן יידן שרייבט צוו. אַנד.: „די לינקע אינטע־לעקטואַלן פון יידישער אָפּשטאַמונג האָבן נישט פאַרלוירן דעם באָדן פון זייער אוניווערסאַליזם לטובת דעם ישראלדיקן נאַציאָנאַליזם. אין געוויסע אומשטענדן קען נישט דער אינטעלעקטואַל דערגייז צו אַ מסקנה: פאַר אָדער קעגן אויפן יסוד פון אַ ראַציאָנעלן אַנאַליז, פון אַרויסטראָגן אַן אורטייל אויף דעם אָדער אַנדערן ענין, לויט די כללים פון דער אַבסטראַקטער גערעכטיקייט. אין אַזאַ פאַל שטייט ער פאַר דער ברירה: גאָרנישט זאָגן אָדער האַנדלען לויט זיין אינסטינקט. אין אַזאַ מצב האָבן זיך געפינען די אינטעלעקטואַלן פון לינקס אין יוני פאַריקן יאָר. זיי זענען, אָבער, אויך גרייט געווען — אַ טאָג נאָך דעם — זיך אומקערן און לייענען זייערע געוויינטלעכע צייטונגען" (פון דער בראָשור: דער גענעראַל און די יידן).

ריימאַן אהרן איז זיכער אַ מענטש פון אינטעלעקטועלן יושר, וואָס האַלט זיך פאַר אַ פראַנצויז. אָבער ער פאַרמאַכט נישט קיין אויג אויף דעם „ריס", וואָס איז פאָרגעקומען אין זיין „קולטורעלער פראַנצויזישער און קאָסמאָפּאָ־ליטישער גאַנצקייט".

דער יידישער אינטעלעקטואַל, אויך ווען ער איז ערלעך מיט זיך אַליין, און זיין אַסימילאַטאָרישקייט און לינקיזם רויבן ביי אים נישט אַוועק דעם שכל — פילט ער זיך געטראָפן, אַז מען באַציט זיך מיט ספק צו זיין פראַנצויזישן, ענגלישן אָדער אַמעריקאַנער „נאַציאָנאַליזם". אין אַזאַ פאַל פילט ער זיך אויף ס׳נייי ווי פאַר אַן אָפּגרונט. אייגנטלעך, פאָדערט ער נאָר איין זאַך: דאָס רעכט וואָס עס האָט, למשל, דער פראַנצויזישער בירגער זיך צו באַציִען מיט סימפּאַטיע צו די ישראלים אָדער צו די אַראַבער און אַז קיין שום מענטש זאָל אים נישט חושד זיין אין אומלאָיאַלקייט צו פראַנקרייך, ווען אַפילו זיין סימפּאַטיע שטימט נישט מיט דער פּאָליטישער ליניע פון דער רעגירונג, פון דעם „פּרינץ", פון דעם „פירער פון דער מדינה". דאָס איז טאַקע די הויפּט־טענה מצד ריימאַן אהרן אין זיין וויכוח מיט דע־גאָל וועגן זיין מיינונג לגבי דעם יידישן פאָלק און מדינת ישראל. ער אַליין, ריימאַן אהרן אָנערקענט נישט דעם באַגריף „יידיש פאָלק". „די יידן אין די גלות־לענדער זענען נישט — זאָגט ריימאַן אהרן — דער נאָכשפּרונג פון דעם פאָלק, וואָס האָט געלעבט מיט טויזנטער יאָר צוריק אין ארץ־ישראל, אין דער צייט פון תנ״ך. זיי שטעלן מיט זיך פאָר נאָר אַ „מכלור־מרשט פאָלק", מיטן כוח פון זייער רעליגיעזער טראַדיציע און צוליב דעם גע־

מיינזאַמען גורל, וואָס האָט זיי באַגלייט אין משך פון דורות. אַ ייד, וואָס איז נישט מער קיין גלויביקער אָדער וואָס פילט נישט קיין שום נאָענטקייט צו מדינת ישׂראל — מוז נישט אָנערקענען דעם באַגריף „יידיש פאָלק" און ער קען זיין אַ פראַנצויז און אַלס אַזעלכער אַ גאָליסט אָדער אַ קאָמוניסט. מיט איין באַדינג: ער זאָל נישט העכער שטעלן זיין פערזענלעכע באַקוועמלעכקייט. אין די אויגן פון אַנדערע, אָבער, געהערט אויך ער צו אַ „זעלבסטזיכער און באַהערשעריש עליטע־פאָלק", ווי דע־גאָל האָט עס באַצייכנט.

## די פּאָלעמיק און אירע גלגולים

דאָס איז טאַקע דער ברענפּונקט פון דעם וויכוח צווישן ציוניזם און אַסימילאַציע, צווישן נאַציאָנאַליזם און קאָסמאָפּאָליטיזם, צווישן מדינת ישׂראל און די אָנהענגער פון די תפוצות. פאַר דעם ציוניסט איז דאָס יידישע פאָלק אַ היסטאָרישער פאַקט, נישט פאַרשנדיק צי די יידישע מאַסן פון היינט שטאַמען פון דעם פאָלק, וואָס האָט מיט טויזנטער יאָר צוריק געלעבט אין ארץ־ישׂראל, פון דעם פאָלק פון תנ"ך, אָדער אין משך פון דורות האָבן זיי זיך אויסגעמישט מיט אַנדערע עלעמענטן. פאַרשט דען עמיצער דעם אָפּשטאַם פון פראַנצויזישן פאָלק, פון די ענגלענדער, פון די סקאַנדינאַווישע פעלקער, כדי פעסטצושטעלן זייערע נאַציאָנאַלע רעכט? דער נאַציאָנאַלער קיום, דער היסטאָרישער גורל — זיי באַשטימען דאָס דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער און דעם אונטערשייד צווישן נאַציעס. אַפילו ריימאָן אהרן אַליין, וואָס האַלט, אַז ער איז נאָענטער — לויט זיינע געפילן — צום קריסטנטום און בודהיזם ווי צום יידנטום, געפינט זיך געפּלעפט, ווען מען איז אים חושד אין „טאָפּלטער לאָיאַליטעט". די סאָוויעטישע יידן ווייסן שוין פון לאַנג און די פּוילישע יידן פון יאָר 1967, אַז אַלס יידן קענען זיי נישט אויפגענומען ווערן אין אַ „טעאָקראַטישער און נישט אין אַן אידייאָ־קראַטישער געזעלשאַפט". דע־גאָל האָט קלאָר געמאַכט פאַר פיל יידן, דאָס, וואָס זיי אַליין האָבן נישט געפילט, אַז אַפילו אַ דעמאָקראַטישע מדינה, וואָס צווינגט נישט אַרויף אויף אירע בירגער נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע סימפּאַטיעס, קען ווערן אַן „אידייאָקראַטיע"־מדינה, לויט דעם ווילן פון דעם „שעף פון דער מדינה" און אַ פראַנצויזישער ייד, וואָס באַציט זיך מיט סימפּאַטיע צו מדינת ישׂראל קען ווערן אַ בירגער פון צווייפלהאַפטער לאָיאַליטעט. די קאָסמאָפּאָליטישע און נישט־יידישע רעליגיעזע געפילן וועלן אים נישט ביישטיין אין אַ טאָג פון צאָרן און נסיון.

עס רעדט זיך נישט, פאַרשטייט זיך, וועגן דעם אינדיווידועלן רעכט פון יעדן ייד אַליין צו באַשליסן וועגן זיין פאַרבינדונג אָדער נישט פאַרבינדונג מיט יידנטום און ישׂראל. „אַ ייד איז דער, וואָס באַשליסט צו זיין אַ ייד", אין אַזאַ

פֿאָל שטייט נישט נאָר דאָס פּראָבלעם פֿון דעם קיום פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק אַלס כּלל, אַלס אַ נאַציאָנאַלער קאָלעקטיוו אין די תּפֿוצות היינט־צו־טאָג, נאָר עס שטייט אויך די פֿראַגע פֿון דעם קיום פֿון דעם ייִד אַלס שטאָלצער זעלבסטגע־אַכטער מענטש. מיר פֿירן אַ וויכּוח מיט אַזאַ ייִד, וואָס נעגירט די עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק, וואָס פּסלט זיינע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען צוליב פּרינציפּיעלע טעמים פֿון „וועלט־בירגערשאַפֿט", וואָס זעט אין מדינת ישׂראל אַ פֿאַרבינדעטע מיט די רעאַקציאָנערע כּוחות אין דער וועלט, אָדער עפּעס אַ קליין מדינהלע, וואָס רייסט אַראָפּ די ייִדישע וועלט־מיסיע פֿון אירע אוניווערסאַלע היכן און באַגרענעצט זיך מיט אַ גייסטיק־אָרעם, נאַציאָנאַל־ערדיש לעבן.

די פּאָלעמיק צווישן דעם ציוניזם — די ייִדישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג — און זיינע קעגנער פֿירט זיך שוין לאַנגע יאָרן אין דעם ייִדישן לעבן: צווישן אים און דער אָרטאָדאָקסיע; צווישן אים און דער אַסימילאַציע; צווישן אים און פֿאַרשידענע סאָציאַליסטישע, קאָמוניסטישע, ליבעראַלע און קאָסמאָפּאָליטישע שטרעמונגען. די דאָזיקע פּאָלעמיק ווערט ווייטער געפֿירט, אַפֿילו נאָך דער היטלער־קאַטאַסטראָפֿע, אין אָנבליק פֿון אַראַבישן שאָוויניזם, וואָס האָט זיך צוגעאייגנט די נאַצישע אידעאָלאָגיע לגבי די ייִדן און צילט צו פֿאַרניכטן מדינת ישׂראל מיט דער הילף פֿון דעם „וועלט קאָמוניזם" לויט דעם נוסח פֿון די קרעמל־הערשער. הגם, די שאַרף פֿון מעססער איז געווענדעט קעגן מדינת ישׂראל, איז מען אויסן דאָס גאַנצע ייִדישע פֿאָלק, וואָס ווערט אידענטיפֿיצירט מיט ישׂראל. גאָמולקאַ האָט עס געטאָן קלאָר און אָפֿן. די סאָוויעטישע הערשער זענען אויפֿן וועג דערצו. דע־גאָל האָט זיך באַנוצט מיט אַ צווייִדייטיקער שפּראַך און אַ טייל פֿון די פֿראַנצויזישע אינטעלעקטואַלן האָבן אויסגעטייטשט זיינע רמזים לויט זייער אמתן באַדייט.

אמת, עס איז היינט נישטאָ קיין איין פֿאָלק, וואָס לעבט מיט אַ געפֿיל פֿון פֿולשטענדיקער זיכערקייט צוליב דעם פּחד פֿאַר אַן אַטאָמישער מלחמה. די דאָזיקע געפֿאַר איז דאָס „געשפּענסט" פֿון אונדזער וועלט. דער פֿאַקט, וואָס די הערשער פֿון די גרויסמאַכטן קענען באַשטימען דאָס לעבן און דעם אומקום פֿון פֿעלקער איז די „עפּאָקאַליפּסע" פֿון אונדזער צייט, וואָס פֿילט אָן דעם מענטש מיט דעם טרויער פֿון דעם סוף. ווען אַפֿילו, מיר וועלן גלויבן, אַז דער אַטאָמישער צוזאַמענשטויס וועט אויסגעמיטן ווערן — דערמאָנט אָבער דאָס לעבן אַליין אונטערן שאָטן פֿון קערן־מאַכטן די פֿינצטערסטע טעג פֿון וועלט־אימפּעריעס, וואָס האָבן פֿאַרשקלאָפֿט פֿעלקער אין דער אוראַלטער צייט, אין מיטלאַלטער און אין דער נייער צייט.

מיר זענען געווען עדות פֿון דעם גוראַל פֿון דעם טשעכאָסלאָוואַקישן פֿאָלק פֿאַר זיין באַפֿרייונג פֿון די קייטן פֿון סטאַליניסטישער פֿאַרשקלאַפֿונג אין

משך פון 20 יאָר און מיר זעען היינט ווי אַזוי די דאָזיקע מדינה ווערט געצווונגען — מיט כּוח — אָנצונעמען דעם מאָסקווער דיקטאַט. מיר האָבן געזען ווי אַזוי סאָוויעט־רוסלאַנד האָט אָנגעהויבן איר אַריינדרינג אין דעם נאָענטן מזרח אין די 50ער יאָרן און ווי אַזוי זי האָט פאַרשטאַרקט איר מיליטעריש־פּאָליטישע פאַרשקלאַפערישע השפעה אין די אַראַבישע לענדער מיט דער הילף פון דעם געווער, וואָס זי האָט זיי געשיקט, מכּלומרשט, כּדי אָפּצוהיטן זייער נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיקייט, אָבער פאַקטיש, כּדי צו פאַרניכטן מדינת ישׂראל און כּדי צו פאַרוואַנדלען דעם נאָענטן מזרח אין אַ ראַיאָן פון סאָוויעטישן איינפלוס.

אין דער גלאָבאַלער פּאָליטיק פון דער קאָמוניסטישער וועלט־מאַכט, ווערן נישט גענומען אין באַטראַכט קליינע פעלקער, באַזונדערס, מדינת ישׂראל און די יידן אין די תּפוצות, וועמען די קאָמוניסטישע טעאָריע האָט שוין לאַנג אָפּגעזאָגט דאָס לעבן. די „גראַמיקאָ־דעקלאַראַציע" האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ יוצא־דופן אין דער פּאָליטיק, אַ זאַך, וואָס דער קרעמל באַדויערט היינט אפשר און זעט דערין אַ טעות, וואָס סטאַלין האָט געמאַכט בשוגג.

אויף דעם פּאָליטיש־גלאָבאַלן הינטערגרונט איז שווער היינט צו געפינען סימנים פון אַ נייער ערע „אויסער דעם נאַציאָנאַליזם" אַחוץ פון דעם טעכנאָלאָגישן און וויסנשאַפטלעכן „קאָסמאָפּאָליטיזם", וואָס שטייט נישט בשום אופן אין סתירה מיט דער נאַציאָנאַלער דערוואַכונג און אַ נאַציאָנאַל, פּאָליטיש זעלבסטשטענדיקן לעבן פון פאָלק.

## די זעלבסטבאַשולדיקונג

איינער פון די סאַמע שאַרפסטע „פּרינציפּיעלע" אָנהענגער פון דעם לעבן פון די יידן אין די תּפוצות, האָט לעצטנס אין אַ ויכּוח געלאָזט פאַלן ווערטער פון אייגענער יידישער זעלבסטבאַשולדיקונג, וואָס האָט דערמאָנט די באַשולדיקונגען פון די קאַטוילישע טעאָלאָגן. די יידן, האָט געטענהט ג. שטיינער, דאַרפן זיין צעשפּרייט און לעבן אַ נישט סטאַביל לעבן ערגעץ אויפן ראַנד צוליב זייער ערשטן חטא: דאָס יידישע פאָלק האָט זיך געהאַלטן פון זיין באַגינען אַלס אַן אויסדערוויילט פאָלק, אַ פאָלק פון התגלות, נאָענט צו גאָט, און העכער איבער אַנדערע פעלקער. אין תּנ"ך, אין דער תּורה פון משה און די ערשטע נביאים קומט צום אויסדרוק דער געדאַנק פון אויסדערוויילטקייט און פון יידישן זיך גרויסהאַלטן, ביז ער איז אַריינגעדרונגען טיף צווישן פעלקער, וואָס האַלטן, אַז זיי האָבן דאָס רעכט אונטערצודריקן „מינדערווערטיקע" פעלקער און ראַסן. די יידן טראָגן, דעריבער, לויט דער דאָזיקער אויפפאַסונג די היסטאָרישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם גייסט פון „שבטים", פון שאָוויניזם, וואָס איז אויך

געוועגדעט קעגן זיי אַליין. דאָס וואַנדערן, דאָס לעבן צווישן פעלקער, דאָס זיין צעשפּרייט איבער לענדער „אפשר איז דאָס אַ מאָראַלישע נויטווענדיקייט פאַר אייניקע פון אונדז" (ג. שטיינער: „צו דער פאַרטיידיקונג פון די תפוצות").

נישט דאָ איז דאָס אָרט אויפצוקלערן די באַגריפן פון אויסדערוויילטקייט, פון געטלעכער אַנטפּלעקונג און פון דעם פּאָעטישן שלייער אין תנ"ך. אויך אַנדערע פעלקער האָבן אין אוראַלטע צייטן געהאַט זייערע מיטאָלאָגיעס און דאָס יידישע פאָלק איז נישט געווען קיין אויסנאַם אין דער הינזיכט. אויך אין די לעצטע דורות פעלן נישט קיין פעלקער, וואָס האָבן זיך צוגעשריבן אייגנשאַפטן פון „אויסדערוויילטקייט". דאָס איז אַ היסטאָרישער ענין, און יציאת מצרים, דער צוזאַמענגוס פון שבטים אין איין פאָלק, די מאָנאָטעאיסטישע אידעע צוזאַמען מיט דעם געדאַנק פון „אתה בחרתנו" זענען אַן ענין פאַר היסטאָרישער פאָרשונג. די אידעאָלאָגיע, אָבער, וועגן דער היסטאָרישער אחריות פון דעם יידישן פאָלק פאַר דער אַנטוויקלונג פון פאַרשידענע שאָוויניסטישע שטרעמונגען אין דער לעצטער צייט האָט מער אַ כאַראַקטער פון אַ מיטאָלאָגישער אימפּראָוויזאַציע ווי פון אַן אָביעקטיווער וויסנשאַפטלעכער באַטראַכטונג. אַזאַ באַשולדיקונג האָט איר‌ע וואָרצלען אפשר אין קריסטנטום, וואָס האָט אַרויפגעלייגט אויף די יידן די שטראָף פון זיין נע־ונד אין דער וועלט צוליב זייער חטא לגבי גאָטס־זון. נישטאָ אין דער וועלט אַ פאָלק, וואָס זאָל משלים זיין מיט אַ גורל פון לעבן אויפן ראַנד פון אַנדערע פעלקער צוליב עפּעס אַ „חטא קדמון". די יידן האָבן דורות אויף דורות געדאַוונט „מפּני חטאינו גלינו מארצנו" (צוליב אונדזערע חטאים זענען מיר פאַרטריבן געוואָרן פון אונדזער לאַנד), נישט צוליב דעם „חטא קדמון" פון אויסדערוויילטקייט און דער געטלעכער אַנטפּלעקונג צו משה אין סיני, נאָר צוליב דער זינד פון נישט בלייבן טריי דעם נאַציאָנאַלן ציל און נאַציאָנאַלער אחדות איז אויף אונדז געקומען די קללה פון גלות.

„דער געדאַנק פון אויסדערוויילטקייט" גייט אַדורך ווי אַ רויטער פאָדעם אין דער געשיכטע פון פיל פעלקער. ער דינט אַלס יסוד פאַר נאַציאָנאַלער פאַראייניקונג אָדער אַלס מיטל צו באַרעכטיקן די הערשאַפט איבער „מינדערווער־טיקע" פעלקער. אַזוי איז דאָס געווען ביי די אַמאָליקע גריכן, ביי די כינעזער א. אַ. די לעצטע צייט איז דערשינען אַזאַ „ייחוס" ביי פעלקער, וואָס האָבן אויף זיך גענומען מכלומרשט „אוניווערסאַלע" מיסיעס, כדי צו הערשן איבער אַנדערע פעלקער. נאַפּאָלעאָן דער ערשטער האָט גערעדט וועגן זיין שטרעבונג צו פאַר־אייניקן אויפסניי אַלע „געאָגראַפישע פעלקער": די פראַנצויזן, די שפּאַניער, די דייטשן, כדי פון זיי אַלע אויפשטעלן איין מדינה־נאַציע, וואָס געניסט פון אַלגעמיינער קולטור, פון אַלגעמיינער געזעצגעבונג, פון אַ לעבן „פון גרויסקייט און גליק". דאָס איז געווען אַ קאָסמאָפּאָליטישער חלום, ווי דער חלום פון די רוימישע קיסרים אין זייער צייט. די פעלקער האָבן צעשמעטערט דעם קאָסמאָ־

פּאָליטישן חלום פון דעם פראַנצויזישן קיסר, פּונקט ווי מען האָט דאָס געטאָן אין אונדזער צייט מיטן היטלעריסטישן חלום פון אַ „נייער אָרדנונג" אין אייראָפּע און מיט די חלומות פון די קרעמל־הערשער.

קאָסמאָפּאָליטישע, וועלטלעכע, עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און פּאָליטישע דאָק־טרינעס זענען קיין חידוש פון אונדזער צייט און אַפילו ניט אַ המצאה פון יידישע קאָסמאָפּאָליטן, וואָס ווילן לעבן אויפן ראַנד פון אַנדערע פעלקער. זיי האָבן אויפגעשפּראָצט אין דעם 18טן און 19טן יאָרהונדערט. עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס אַן ענגלישער היסטאָריקער אין דעם 19טן יאָרהונדערט האָט שטאַרק אָנגעגריפן די נאַציאָנאַלע טעאָריעס פון זיין צייט און ער האָט זיי באַצייכנט אַלס צוריקגעשטאַנענע און רעאַקציאָנערע. דאָס איז געווען אין דער תקופה אין וועלכער די בריטישע אימפּעריע איז אַנטשטאַנען און זיך אַנט־וויקלט. די בריטישע אימפּעריע איז, אין דער צווישנצייט, פאַרשוווּנדן און די פעלקער האָבן זיך באַפרייט און זייער זעלבסטשטענדיקייט איז נישט קיין מכשול פאַר דעם פאָרשריט פון קולטור, וויסנשאַפט, קאָמוניקאַציע א. אַ. וו.

„נאַציע איז נשמה, אַ גייסטיקער פּרינציפּ; נאַציע מיינט: דערהויבענע סאָלידאַריטעט, וואָס ווערט געשאַפן דורך דעם סענטימענט צו דעם קרבן אין דער פאַרגאַנגענהייט און איר גרייטקייט צו קרבנות אין דער צוקונפט, וואָס האָט אַ פאַרגאַנגענהייט און אַ ווילן פאַרצוזעצן אַ געמיינזאַמען לעבן אין דער קעגנוואַרט און אין דער צוקונפט. די עקזיסטענץ פון אַ נאַציע איז ווי אַ טאָג־טעגלעכער פּלעביסציט, פּונקט ווי דער קיום פון דעם יחיד איז אַן אייביקע באַשטעטיקונג פון דעם לעבן". די ווערטער האָט געזאָגט ערנסט רײנאַן נאָך אין 19טן יאָרהונדערט. הגם דער דאָזיקער פאַרהערלעכער פון נאַציאָנאַליזם און זיינע דערהויבענע אַנטפּלעקונגען האָט באַצייכנט די סעמיטישע פעלקער אַלס מינדערוואַרטיקע אין דער מענטשלעכער ראַסע.

אייגנטלעך האָט דער קאָסמאָפּאָליטיזם נישט געהאַט קיין טרעגער אַפילו, צווישן — נאָענטע צו זיך — פעלקער. אַ טשעכישער שרייבער פון דער 1טער העלפט פון דעם 19טן יאָרהונדערט האָט, נאָך דעם, ווי ער האָט באַזוכט פּוילן און רוסלאַנד, דעפינירט אין זיינע „פּאַנסלאַווישע" איינדרוקן דעם קאָסמאָפּאָ־ליטיזם אָט אַזוי: „ווער עס האָט ליב אַלע, האָט קיינעם נישט ליב". ער האָט אין קאָסמאָפּאָליטיזם געזען אַ סכנה פאַר דעם קיום פון טשעכאָסלאָוואַקיע. אין סאָוויעט־רוסלאַנד האָט דער קאָסמאָפּאָליטיזם — „דער קאַמף קעגן מענטשן אָן אַפּשטאַם, אָן משפּחה און אָן שבט" געדינט אַלס אַ אומגעהויערער כוח פון אַנטי־יידישער פּראָפּאַגאַנדע און העצע.

דער קאָמוניזם אין סאָוויעט־רוסלאַנד האָט אָפּגעוואָרפן די מחשבות פון דאָסטאָיעווסקיס העלד אין דעם בוך „שדים" — שאַטאָוו, וועגן סאָציאַליזם,

וועגן אַטעיזם און וועגן דער ראָל פון דער וויסנשאַפט אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, אָבער, ער האָט איבערגענומען פון אים די רוסישע פּאַנסלאַווישע משיחישע מיסיע אין דער וועלט, כדי צו הערשן און אונטערדריקן אַנדערע פעלקער לטובת די אימפּעריאַלע, גלאָבאַלע אינטערעסן פון סאָוויעט־רוסלאַנד.

דער אוניווערסאַליזם פון די קרעמל־הערשער איז וועזנטלעך דער זעלבער פון נאַפּאָלעאָן און פון די רוסישע צאַרן, וואָס האָבן פאַרשפּרייט די תורה פון פּאַנסלאַוויזם מיטן ציל צו הערשן איבער אייראָפּע און איבער דער וועלט. די לאָזונגען וועגן אינטערנאַציאָנאַליזם, אוניווערסאַליזם און וועלט־קאָמוניזם אין מויל פון די קרעמל־הערשער זענען פּשוטער שאַנטאַזש און ער קען אָפּנאַרן און פאַרפירן נאָר די, וועלכע ווילן פאַרפירט און אָפּגענאַרט ווערן אויס אינטע־לעקטועלער און געוויסנס־באַקוועמלעכקייט.

## דער שמעלץ־טאָפּ און דער אויפקום פון פעלקער

געוויס איז נישט אַלץ, וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן וועגן נאַציאָנאַלן לעבן און נאַציאָנאַלע באַוועגונגען אין דעם 19טן און אין אָנהויב פון 20סטן יאָר־הונדערט רעלעוואַנטיש מיט דעם לעבן פון די פעלקער אין די 60 און אָנהויב 70קער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט. עס זענען זיכער פאַראַן פּראָצעסן פון צוזאַמענגוס און אויסמיש, וואָס טעמפּען אָפּ די שפּיצן פון נאַציאָנאַלע סתירות און ווידערשפּרוכן. אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, אין אָט דער מעכטיקער מדינה, וועמען עס איז געלונגען צונויפצושמעלצן פאַרשידענע פעלקער און מאַכן פון זיי איין נאַציע, איז נאָך עפּעס פאַרבליבן פון דעם פלוראַליזם אויפן געביט פון גייסט, אמונה און אָנשויונג. דער דאָזיקער „פלוראַליזם", וועלכן מען לויבט אַזוי שטאַרק, מעגלעך, אַז אויך ער וועט פאַרשווונדן מיטן כוח פון דער טעכנאָלאָגיש־וויסנשאַפטלעכער ציוויליזאַציע און די מעכטיקע קאָמוניקאַציע־מיטלען.

עס קומען פאָר אַנטוויקלונגס־פּראָצעסן פון צוזאַמענשמעלצן שבטים און פעלקער אין גרויסע אָרגאַניזמען. דאָך איז נישטאָ קיין שום זיכערקייט, אַז דער צוזאַמענגוס פון פאַרשידענע טיילן פון פעלקער, וואָס האָבן פאַרלאָזט זייער היימלאַנד און אַריינגעפאַלן אין א. ג. ריזיקן סטיכישן שמעלץ־טאָפּ, ווי עס איז דאָס אַמעריקע, אַז אַזאַ זאַך זאָל אויך געשען אין אַנדערע ערטער. אויך די אויפגעצוווּנגענע אַסימילאַציע אויף פאַרשידענע פעלקער אין דער מעכטיקער אימפּעריע פון אַ טאָטאַלער קאָמוניסטישער הערשאַפט איז נישט סותר דעם אַנדערן פּראָצעס פון אונדזער תקופה: דעם ווידעראויפלעב פון פאַרשידענע פעלקער און זייער קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייונג.

די פאַראייניקטע שטאַטן ראַנגלען זיך מיט דעם גרויליקן פּראָבלעם פון

די נעגער. די לעצטע קעמפן פאַר „אינטעגראַציע" אין דער אַמעריקאַנער געזעל־שאַפט און זי איז נאָך זייער ווייט פון זיי. די יידישע אינטעגראַציע אין דער געזעלשאַפט טרעפט זיך אויך אָן אויף גרויסע שוועריקייטן: מצד די יידן צוליב זייער אומווילן צו פאַרלירן זייער יידישע אייגנאַרט און געשטאַלט. זיי זוכן פאַר זיך ספּעפּראַטע געזעלשאַפטלעכע גייסטיק־רעליגיעזע ראַמען, אָדער, זיי זענען ציונים און פלעגן זייער פאַרבינדונג מיט מדינת ישראל. אין סאָוויט־רוסלאַנד, ווידער, זענען פאַראַן אָפענע באַהאַלטענע פאָרמען פוןווידערשטאַנד און בונט קעגן דער הערשאַפט פון אַ העגעמאָנער־מאָנאָפּאָליסטישער קולטור איבער אַלע פעלקער פון סאָוויעט־רוסלאַנד.

דער געדאַנק וועגן פאַראייניקן אייראָפּע אין אַ „איבערנאַציאָנאַלער" ראַם איז נכשל געוואָרן נישט נאָר צוליב די אויפגעבלאָזענע פּרעטענזיעס פון דע־גאָל פאַר פראַנצויזישער העגעמאָניע. די טענדענץ אויפצושטעלן אינטערנאַציאָנאַלע אָדער „איבערנאַציאָנאַלע" עקאָנאָמישע איינהייטן מיינט נישט ליקווידירן דעם נאַציאָנאַלן אייגנאַרט. די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען שטעלן מיט זיך פאָר אַ מעכ־טיקע טרייב־קראַפט אין אונדזער צייט נישט נאָר ביי פעלקער, וואָס זענען אָקאָרשט אַרויף אויף דער געשיכטלעכער אַרענע, נאָר אויך ביי פעלקער, וואָס האָבן דעראָבערט זייער נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיקייט און זוכן וועגן פאַר אינ־טערנאַציאָנאַלער צוזאַמענאַרבעט, נישט פאַרלירנדיק דערביי, זייער נאַציאָנאַלן כאַראַקטער.

מיר קענען, מיט רעכט, פעסטשטעלן, אַז דער געפיל פון „אוניווערסאַליזם" אָדער קאָסמאָפּאָליטיזם איז היינט־צו־טאָג אָן עניין פון אַ וויסנשאַפטלעך־טעכנאָלאָגיש־אַדמיניסטראַטיווער עליטע אין גרויסע מדינות, אין דער צייט, ווען די אַלגעמיינע טענדענץ איז צו פלעגן די אייגנאַרטיקע נאַציאָנאַלע ראַמען. די פראַגע פון דער צוזאַמענאַרבעט צווישן פעלקער איז דאָס פּראָבלעם פון אונדזער צייט. דער טעמפּאָ פון די קריסטאַליזירונג־פּראָצעסן פון נאַציאָנאַלן אייגנאַרט איז אין אונדזער תקופה סיי גיכער און סיי קאָמפּליצירטער. די נאַציאָנאַלע באַגערן קענען זיין מער דעסטרוקטיוו, פונקט ווי זיי קענען זיין מער קאָנסטרוקטיוו.

סאָוויעט־רוסלאַנד, וואָס איז טעאָרעטיש דער פאַרבאַנד פון סאָוויעטישע נאַציאָנאַלע, זעלבשטענדיקע רעפּובליקן, האָט פאַרשטאַרקט איר הערשאַפט איבער פוילן, טשעכיע און מזרח־דייטשלאַנד מיטן כוח פון איר מיליטערישער העגעמאָניע (וואַרשעווער פּאַקט), דאַקעגן אין מדינות, וואָס געפינען זיך נישט אונטער דער הערשאַפט פון קאָמוניזם, זענען מיר עדות פון אַ פּראָצעס פון אָפּרייסן זיך פון פעדעראַציעס, פון זיך אָפּטיילן פון גרויסע מעכטיקע פּאָליטישע אָרגאַניזמען. דער פּראָצעס איז אַנטשיידנד. ביישפּילן פעלן נישט, נישט אין אַזיע און נישט

אין אַפריקע. די אַראַבישע פאַראייניקטע רעפובליק איז זיך פאַנאַנדערגעפאַלן גלייך נאָך איר אַנטשטיין און די „אַראַבישע ליגע" איז אַן אָרט פון כסדרדיקע אַרומרייסעניש און קאָנפליקטן. דאָס שאַפן אַן „איבערנאַציאָנאַלע" רעגירונג איז אין אונדזער צייט נישט נאָענטער צו פאַרווירקלעכונג, ווי זי איז געווען אין דער צייט פון קאַנט, הגם עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז אין דער ווייטער צוקונפט זאָל אַזאַ זאַך געשען.

מיר לעבן נאָך אין מיט פון היסטאָרישע פראָצעסן. עס איז שווער פעסט־צושטעלן וווהין זיי וועלן פירן: צו אַ גרעסערער פאַראייניקונג, אָדער צו אַ גרע־סערער צעשפּליטערונג. לעת־עתה זענען מיר עדות פון ביידע דערשיינונגען.

די ליטעראַטור פון דעם 19טן און פון דעם אָנהויב 20סטן יאָרהונדערט האָט באַרייכערט דעם נאַציאָנאַלן געדאַנק. דער ויכוח וועגן אינטערנאַציאָנאַליזם און נאַציאָנאַליזם, וועגן סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע באַוועגונגען איז געווען פול מיט גייסטיקן שווונג און געדאַנקלעכער טיפקייט. דאָס לעבן האָט אַנטשידן וועגן פיל געדאַנקען פון יענע טעאָרעטישע ויכוחים. אַנדערע זענען מיסגעברויכט געוואָרן אין גאַנג פון זייער פאַרווירקלעכונג. אויב די „נייע ערע" הייסט: פאַרשידענע טענדענצן, וואָס ווירקן זיך אויס סתירותפול און אַ שווערער גראַנגל אין וועלכן שוואַכע פעלקער פאַלן אַ קרבן און פאַרלירן זייער זעלבסטשטענדיקייט און אַנדערע קעמפן מיט זייערע לעצטע כוחות — דאַן איז שווער פאָרויסצוזאָגן מיט וואָס עס וועט זיך ענדיקן אָט אָ דער מעכטיקער געפעכט.

## אויף דער שוועל פון אַ נייער תקופה

אַזוי אָדער אַנדערש, מיר געפינען זיך אויף דער שוועל פון אַ נייער תקופה אין לעבן פון דער וועלט. דאָס יידישע פאָלק האָט אין זיין לאַנגן היסטאָרישן גאַנג איבערגעלעבט פיל „ערעס" און געווען אַ שותף צו אַנטשיידנדיקע היסטאָ־רישע תקופות אין דעם גורל פון די פעלקער. אָבער אויף דער שוועל פון דער „נייער ערע" האָט דאָס יידישע פאָלק פאַרזיכערט פאַר זיך אַ נאַציאָנאַלע קראַפט־פּאָזיציע אין וועלכער מיר זעען אַ גאַראַנטיע פאַר דער צוקונפט פון אונדזער קיום — דאָס איז מדינת ישראל, וואָס איז אָפיציעל אָנערקענט דורך רעגירונגען און אינטערנאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס און קעגן וועלכער די אַראַבישע מדינות קעמפן מיט צאָרן און ווילן איר אומברענגען.

20 יאָר עקזיסטענץ פון מדינת ישראל, אירע קאַמפן האָבן נישט באַוויזן איבערצוצייגן די פעלקער פון דער וועלט דעריך, אַז זי איז אַ היסטאָרישער אומדערשיטערלעכער פאַקט; אַז מדינת ישראל דערנערט פון איר אַנטשטיין אָן, לעגיטימע שטרעבונגען פון דעם יידישן פאָלק אין זיין צעשפּרייטקייט. די אַטאוויסטישע באַציִונג מצד קריסטלעכע פעלקער לגבי יידן, ווי צו אַ פאָלק,

וואָס איז נישט מסוגל צו אַן אייגן זעלבשטענדיקן פּאָליטישן לעבן און אָנצופירן מיט אַן אייגענער מדינה, נאָר איז פּאַראורטיילט צו לעבן אויפן ראַנד פון דער קריסטלעכער געזעלשאַפט און אין איר חסד, אָדער אויפן ראַנד — פון וועלכער נישט איז — אַנדערער געזעלשאַפט, אַ מוסולמענישע, אַ בודהיסטישע — אָט די באַציִונג מאַכט נאָך אונדזער קאַמף פיל שווערער און קאָמפּליצירטער. שווער איז אויך דער קאַמף, וואָס מדינת ישראל דאַרף פירן מיט די יידן אין די תפוצות פאַר עליה קיין ישראל, אָבער נאָך פיל שווערער איז דער קאַמף — געפילמעסיק — וואָס מדינת ישראל מוז פירן מיט אוניווערסאַלע, קאָסמאָפּאָליטישע יידן, מיט אינטערנאַציאָנאַליסטן נוסח קאָמוניסטישער מאָסקווע, אָדער מיט יידן פון בייעם לינקס אָדער אַפילו: מיט יידן, וואָס האַלטן זיך פאַר חלוצים פון דער „בייער ערע" און אירע אָנזאָגער.

אַוודאי, באַשטימט נישט די באַציִונג פון אַ יידישן גייסט־מענטש אין די תפוצות צו ציוניזם און צו מדינת ישראל אַזאַ אָדער אַנדערע יידישע היסטאָריאָ־זאָפיע, אויך נישט דעם פּראָגנאָז לגבי דער צוקונפטיקער אַנטוויקלונג פון פעל־קער. דער ציוניזם איז אַנטשטאַנען אַלס אַ היסטאָרישע נויטווענדיקייט פאַר דעם קיום פון פאָלק, אָבער ער איז אויך געווען אַ קאָנקרעטער ענטפער פאַר דעם מצב פון יידן און פון דעם יידישן יחיד אין באַשטימטע היסטאָרישע באַ־דינגונגען. אין דעם עמק הבכא פון אונדזער לעבן עקזיסטירן נישט נאָר נאַציאָ־נאַלע און קאָסמאָפּאָליטישע אידעען און סימבאָלן. די גרויעווירקלעכקייט שאַפט אויך די אינסטרומענטן פאַר דער לייזונג פון מענטשלעכע, נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע פּראָבלעמען.

מדינת ישראל איז געשאַפן געוואָרן אַלס אַ מעכטיקער אינסטרומענט צו לייזן די יידן־פּראַגע. ווער האָט זיך דאָס געקענט פאָרשטעלן, אַז אין דעם קאָמוניסטישן פּוילן, ווו עס זענען איבערגעבליבן זייער ווייניק יידן, — וועלכע זענען געטריי פּוילן און וואָס האָבן זיך געוואָלט דאָרט אַסימילירן — וועלן אָט די יידן דינען אַלס אַ שעיר לעזאזל פון דעם געזעלשאַפטלעכן אויפבְרויז פאַר פרייהייט און קעגן דער טאָטאַליטאַרער סאָוויעטישער אונטערדריקונג? ווער האָט דאָס געקענט גלויבן, אַז דער זאָאָלאָגישער אַנטיסעמיטיזם נוסח קיטשקאָ, וועט זיך באַנייען דווקא אין דער מדינה פון וולאַדימיר לעגין? קען מען דאָס אַלץ אויפקלערן מיט כלומרשטע היסטאָריש־פילאָזאָפישע אַרגומענטן, אויפגעבבנדיק פון פאָרויס דעם קאַמף פון דעם יידישן פאָלק פאַר זיין זעלבסטשטענדיקן קיום און פאַר זיין גלייכבאַרעכטיקטע בירגערשאַפט אין דער משפחה פון פעלקער?

כלעריי אוניווערסאַליסטן, קאָסמאָפּאָליטן, אַנטיציוניסטן און אַ־ציוניסטן, וועמענס איינציקע דאגה איז, אַז דער יידישער נאַציאָנאַלער אייגנאַרט זאָל, חס וחלילה, נישט באַהערשן זייער מחשבה און באַוווסטזיין וועלן, מן־הסתם, פאַרבלייבן אין זייער גלענצנדיקער איזאָלאַציע אַ „כת כהנים" מיט די אַלע

פעלערן און חסרונות, וואָס זיי שרייבן צו דעם יידישן פאָלק אַלס אַן „עם בחירה״. מיר, אָבער, וואָס אונדזער קיום אַלס אַ פאָלק ליגט אויף דער וואָגשאָל, מיר וועלן זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון אינטעלעקטועלע, פילאָזאָפישע ספעקולאַציעס און וועלן ווייטער גיין אויפן וועג פון אַ רעאַלן היסטאָרישן אַנאַליז, וואָס לערנט אונדז ווי אַזוי פאָרצוזעצן דעם קאַמף פאַר אונדזער קיום אין דעם איצטיקן דור און אין דער איצטיקער תקופה.

דב בר־ניר

# אַ אָפֿענער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער בריוו צו אַ מענטש פֿון אַנטיציוניסטישן לינקס

חשובער חבר,

זעלטן ווען האָט מען צוגעשריבן אַ קליין פֿאָלק, אַזוי פֿיל טאַדלענדיקע און דערנידערנדיקע באַצייכענונגען. פֿון די רייד פֿון דיינע חברים און פֿון דער פּרעסע דערוויס איך זיך אַז מיין באַוועגונג איז אַ נאַציאָנאַליסטיש־שאָוויניסטישע און ראַסיסטישע באַוועגונג; אַז מיין לאַנד דינט אַלס אַ אימפּעריאַליסטישער אינ־סטרומענט קעגן די פֿעלקער פֿון דעם ראַיאָן, וואָס לעכצן צו זעלבסטשטענדיקייט און פֿרייהייט; אַז די פּאָליטיק פֿון מיין רעגירונג איז אַ פּאָליטיק פֿון אַגרעסיע, עקספּראָפּריאַציע און עקספּאַנסיע; אַז מיר זענען געקומען אין לאַנד, וואָס איז נישט אונדזער; אַז מיר האָבן צוגערויבט די ערד, פֿאַרטריבן פֿון איר די איינ־וווינער און זיי פֿאַרוואַנדלט אין אומגליקלעכע פּליטים פֿאַרזעצנדיק די רומלאָזע טראַדיציע פֿון דעם — אויף אייביק — פֿאַרשאָלטענעם קאָלאָניאַליזם. בקיצור: עס קומט אויס, אַז מיין מדינה איז אַ „פֿאַרשאָלטענע מדינה", פּונקט ווי עס זענען דאָס געווען די יידן אין משך פֿון 2 טויזנט יאָר, אין דער צייט פֿון זייער נע־ונד־זיין צווישן די פֿעלקער פֿון דער וועלט ווען גלחים און ביסקופּים, האָבן געשאָטן פּעך און שוועבל אויף זיי און זיי באַשולדיקט אין דעם „מאָרד פֿון גאָט".

באמת, הערנדיק טיילמאָל די קללה פֿון מאַרקסיסטן־לעניניסטן אויף אונדז, דוכט זיך מיר, אַז איך הער דעם ווידערקול פֿון דעם יאָרלאַנגן, קריסטלעכן אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט דערפֿירט צו דעם גרויל פֿון דער אינקוויזיציע. פֿאַר־געס נישט חבר, אויך די סאָוויעטישע אינקוויזיציע קעגן אונדז איז נישט געווען, לעצטנס, בלויז אַ אידעאָלאָגישע: זי האָט אַוועקגעשטעלט האַרמאַטן, טאַנקן און מיגן לענגאויס אונדזערע גרענעצן; זי האָט נישט געלאָזט הערן איר שטים קעגן די פֿאַרניכטונגס־דראָונגען מצד די אַראַבישע פֿירער; גאַרנישט אַזוי לאַנג האָט זי אינסצעניזירט דעם פּראָצעס פֿון יידישע דאָקטוירים אין מאָסקווע, דעם סלאַנסקי־פּראָצעס אין פּראָג און אָפּגעשניטן די קעפּ פֿון יידישע קולטור־שעפֿער און טוער אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. אין אונדזערע טעג איז די יידישע אינטעליגענץ אין פּוילן פֿון גאָמולקאַ און אין דער אָקופּירטער טשעכאָסלאָוואַקיע, נישט נאָר באַזייטיקט געוואָרן פֿון אירע פּאָזיציעס אין דעם קאָמוניסטישן אַפּאַראַט און

אין העכערע לער־אַנשטאַלטן, נאָר זי האָט אויך געמוזט שמוגלען גרענעצן און פאַרלאָזן יענע לענדער, וועמען זי האָט געווידמעט איר פולע קראַפט, איבער־געבנקייט און ענערגיע אין משך פון אַ גאַנצן דור.

וואָס דרינגט אַרויס דערפון? דו, טייערער פריינד, מוזט זייער געגוי אַדורכ־קוקן און איבערקאָנטראָלירן דיינע אַנטי־ישראלדיקע און אַנטי־ציוניסטישע מחשבות און זען אויב זיי זענען נישט באַווירקט געוואָרן דורך אַנטיסעמיטישע געפילן, וועלכע זענען מסוגל אָפּצונעמען ביי אַ מענטש זיין קלאָרן פאַרשטאַנד און אָביעקטיווע אורטייל־פעיִקייט. נאָר נאָך דעם, ווי דו וועסט זיין איבערצייגט, אַז יידן האָבן די זעלבע רעכט אַלס מענטשן — ווי יעדער אַנדער מענטש, אַלס אַ גרופּע — ווי יעדער אַנדער גרופּע, אַלס אַ פאָלק — ווי יעדער אַנדער פאָלק, וועט געשאַפן ווערן דער יסוד פאַר אַ דיאַלאָג, פאַר אַ מיינונגס־אויסטויש צווישן אונדז.

## אַ פאָלק וואָס האָט פאַרלוירן אַ דריטל פון זיינע זין

איך ווייס, אַז אַלס מענטש פון לינקס איז דיין האַרץ אָפן פאַר יעדער פּראָג־רעסיווער פאָדערונג אין דער וועלט: דו קעמפסט פאַר די רעכט פון די נעגער אין די פאַראייניקטע שטאַטן; פאַר דעם רעכט פון דעם וויעטנאַמישן פאָלק אויף זעלבסטשטענדיקייט און פרייהייט; פאַר דעם רעכט פון דער „דריטער וועלט" אויף ברויט און אַנטוויקלונג; פאַר די רעכט פון די אַראַבישע פעלקער אויף סוווערעניטעט און סאָציאַליזם. עס שטעלט זיך בכן די פראַגע פאַר וואָס זאָלסטו נישט קעמפן אויך פאַר אונדזער רעכט, פאַר אונדזער קולטור, פאַר אונדזער זיכערקייט, פאַר אונדזער צוקונפט? גייט, דען, די יידן אַזוי גוט אומעטום? כדי נאָענטער זיך צו באַקענען מיט אָט דעם ענין לאָמיר וואַרפן אַ בליק אויף צוריק. טיילמאָל זאָגסטו אַז עס עקזיסטירט נישט קיין יידיש פאָלק, אָבער, עס האָט עקזיסטירט אין די אויגן פון אַלע צאַרן אין רוסלאַנד, וועלכע האָבן אונדז גערודפט, פּאָגראָמירט און געשאָכטן, ווי נאָר זיי האָבן אונדז געפינען; אויך די פּוילישע הערשער האָבן פאַר זיך געזען אַ יידיש פאָלק, און לגבי אים אָנגע־ווענדעט כלערליי עקאָנאָמישע און ראַסיסטישע שיקאַנעס; עס האָט עקזיסטירט אין רומעניע און אין אַלע באַלקאַן־לענדער, ווו מען האָט גערודפט און דיס־קרימינירט יידן אַלס יידן אויף שריט און טריט. אַ יידיש פאָלק האָט אַוודאי עקזיסטירט אין די אויגן פון היטלער ימ״ש, וועלכער האָט צונויפגעזאַמלט די יידן פון אַלע עקן פון אייראָפּע, זיי פאַרצוימט אונטער שטעכיקן דראָט און זיי פאַרטיליקט אויף אַ „וויסנשאַפטלעכן אופן" אין די קרעמאַטאָריעס און גאַז־אויוונס. זעקס מיליאָן מענער און פרויען צווישן זיי אַ מיליאָן קינדער פון פאַר־שידענעם עלטער — גרויזאַם אַרויסגעריסן פון די אָרעמס פון זייערע מאַמעס

זענען אומגעקומען אין אַט דעם, איינציק אין דער געשיכטע, אַכזריותדיקן היטלע־ריסטישן פֿאָלקס־מאָרד.

ווייסטו דען נישט, אַז אָט די שחיטה איז געווען איינע פֿון די סיבות פֿאַר דעם אויפֿקום פֿון מדינת ישראל? ווייסטו, דען, נישט אַז צוויי דריטל פֿון אַלע פֿעלקער אין דער וועלט האָבן געשטימט אין דער אָרגאַניזאַציע פֿון די פֿאַר־אייניקטע פֿעלקער פֿאַר דער שאַפֿונג פֿון מדינת ישראל? ווייסטו, דען, נישט, אַז דער ראַטן־פֿאַרבאַנד — צוזאַמען מיט דער מערהייט פֿון די פֿאָלקס־דעמאָקראַ־טיעס — האָבן נישט נאָר געהאָלפֿן, פּאָליטיש און מיליטעריש, אויפֿצושטעלן מדינת ישראל, נאָר זיי האָבן אויך דערקלערט, אַז דאָס יידישע פֿאָלק לעבט, אַז די מערבדיקע וועלט איז באַגאַנגען קעגן דעם יידישן פֿאָלק אַ גרויסע עוולה, אַז עס איז געקומען די צייט איר צו פֿאַרריכטן און אַז עס עקזיסטירט אַן אומצע־רייסבאַרע היסטאָרישע פֿאַרבינדונג צווישן עם ישראל און ארץ־ישראל?

דו זעסט ווי יידן זענען צעזייט און צעשפּרייט צווישן די פֿעלקער פֿון דער וועלט, דו ווייסט אַז עס זענען פֿאַראַן סאָוויעטישע יידן, אַמעריקאַנער יידן, פֿראַנצויזישע יידן, ענגלישע יידן א. אַ. וו. און דו פֿרעגסט וואָס בינדט אָט די פֿאַרשידענע יידן צוזאַמען אין איין פֿאָלק, און ווי קען מען בכלל באַצייכענען אַזאַ צעשוווּמענע, צעשפּרייטע מאַסע מיט דעם נאָמען פֿאָלק? דו ווייסט אויך, אַז דער מצב פֿון די יידן אין פֿאַרשידענע לענדער איז נישט שלעכט, אַז צווישן זיי זענען כמעט נישט פֿאַראַן קיין אַרבעטער, קיין לאַנדווירטן און אַז זיי באַ־שעפֿטיקן זיך, בעיקר, מיט האַנדל און פֿאַרנעמען זיך מיט פֿרייע פּראָפֿעסיעס, אַז די השפּעה פֿון רעליגיע פֿאַלט כסדר און אַז זיי אַסימילירן זיך צווישן אַנדערע פֿעלקער. וואָס איז, אַלזאָ, דער פּראָבלעם, פֿרעגסטו?

טייערער פֿריינד, דאָס איז טאַקע דאָס פּראָבלעם. זייענדיק צעזייט און צעשפּרייט ווערן זיי אַ אָביעקט פֿאַר כלערליי אָנשיקענישן און צרות; זייער גורל איז אָפּהענגיק פֿון דעם גוטן אָדער שלעכטן ווילן פֿון די הערשער אין דעם געגעבענעם לאַנד. אין משך פֿון טויזנטער יאָרן האָבן די יידן געדינט אַלס דער שעיר לעזאזל אין די הענט פֿון פֿאַרשידענע דעמאַגאָגן און אינטריגאַנטן, וועלכע האָבן זיך מיט זיי באַנוצט ווי מיט „ברען־שטאָף" פֿאַר זייערע סאָציאַלע און פּאָליטישע געלוסטן. אַז די רוסישע צאַרן האָבן געוואָלט קעמפֿן קעגן סאָציאַליזם און דעמאָקראַטיע האָבן זיי אָפּגעווענדט די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די מאַסן פֿון זייערע אמתע נויטן און באַדערפֿענישן מיטן כוח פֿון אַן אַנטי־סעמיטישער העצע קעגן יידן; אַז די פֿראַנצויזישע רעאַקציע האָט געשטרעבט, אין אָנהויב פֿון דעם איצטיקן יאָרהונדערט צו פֿאַרשפּרייטן צווישן די מאַסן אַ שאָוויניסיש־מיליטאַריסטישן גייסט, האָט זי אינסצעניזירט דעם דרייפֿוס־פּראָ־צעס; אַז דער היטלעריזם האָט געוואָלט דערשיטערן די מערב־דעמאָקראַטיעס, אָנצינדן אַ מלחמה און באַהערשן די וועלט — האָט ער געשאַפֿן אַ מאַסן־

פסיכאָז דורך אויפטויכן פינצטערע, אַנטיסעמיטישע אינסטינקטן אומעטום און איבעראַל.

צום באַדויערן גייט אויך דער נעאָסטאַלימיזם אויף דעם זעלבן וועג. כדי צו דערשטיקן פון פאַרויס אין מאָסקווע, וואַרשע, פראַג אד"גל יעדן פאַרלאַנג און שטרעבונג צו דעמאָקראַטיזאַציע און ליבעראַליזם, קלויבט אויך ער אויס יידיש־סאָוויעטישע שרייבער, אָדער יידישע קאָמוניסטישע פּוילישע מנהיגים אַלס דעם שעיר לעזאזל פאַר זיין ברוטאַלער הערשאַפט. אויך אין די אַראַבישע לענדער דינט די שׂנאה צו ישׂראל, צום ציוניזם, וואָס מיינט אייגנטלעך — פּראָסט און פּשוט — אַנטיסעמיטיזם אַלס „צעמענט" פאַר אַראַבישער אחדות און פאַר דער טיראַניע פו אַראַבישע הערשער.

דעריבער האָבן צוויי דריטל פון די פאַראייניקטע פעלקער באַשלאָסן צו נאָרמאַליזירן דעם אומנאָרמאַלן מצב פון די יידישע מאַסן אין דער וועלט: אַז אַ פאָלק אָן אַ לאַנד — זאָל צוריקבאַקומען זיין לאַנד, אַז אַ פאָלק אָן אַ מדינה און אָן שוץ — זאָל האָבן אַ מדינה און זיין באַשיצט; אַז אַ פאָלק כמעט אָן אַרבעטער און לאַנדווירטן — זאָל ווערן אַ פאָלק פון אַרבעטער און לאַנדווירטן, זאָל לעבן פון זיין אַרבעט און פון דער פרוכט פון זיינע פעלדער.

איז דערין פאַראַן עפּעס נישט „פּראָגרעסיווּעס", טייערער פריינד?

איך ווייס אַז פיל „פּראָגרעסיסטן" פאַרדרייען מיט דער נאָז, ווען זיי הערן דאָס וואָרט „נאַציאָנאַליזם". אַזאַ זאַך שטייט, מכלומרשט, אין סתירה מיט זייער „אינטערנאַציאָנאַלן" באַוווסטזיין. איך האָב אויך געהערט פון מאַרקסיסטן־לעניניסטן, ווי זיי פּסלען „קאָסמאָפּאָליטיזם", אָפּגעריסנקייט פון די וואָרצלען פון דער פאָלקס־קולטור און אָפּגעפרעמדקייט פון דער גייסטיקער ירושה פון פאָלק.

עס ווילט זיך פרעגן: מיט וואָס איז די יידישע פאָלקס־קולטור און פאָלקס־ירושה מינדערווערטיקער פון יעדער אַנדערער קולטור און ירושה? פאַר וואָס איז דער אַראַבישער נאַציאָנאַליזם „גוט" און דע יידישער „שלעכט", אָדער „אָפּגע־שטאַנען"? פאַר וואָס מעגן די פראַנצויזן, די ענגלענדער, די דענען לעבן אין זייער לאַנד און פלעגן זייער קולטור און אונדז יידן, איז אַזאַ זאַך „פאַרבאָטן"? פאַר וואָס איז די שאַפונג פון 100 נייע מדינות אין אַפריקע און אין אַזיע אַ פּראָגרעסיווע דערשיינונג און דער אויפקום פון מדינת ישׂראל אַ רעגרעסיווע? אפשר צוליב דעם, וואָס גראָמיקאָ האָט געענדערט זיין מיינונג און באַשלאָסן צו פירן — די אַזוי גערופענע — פּראָ־אַראַבישע פּאָליטיק איז מער נישט גילטיק זיין היסטאָרישע רעדע אין „אונ"אָ" און זיין אידעאָלאָגישע אונטערשטיצונג לטובת אַ יידישער מדינה?

דו האָסט טענות צו דער אויסערן־פּאָליטיק פון ישׂראל, דו האַלטסט, אַז זי

איז נישט קיין גוטע. לאָמיר אָננעמען, אַז ס'איז טאַקע אַזוי. אָבער צו וועסטו פסלען ענגלאַנד, די בענעלוקס־לענדער, איטאַליע — צוליב דעם, וואָס זיי זענען פאַרבונדן מיט „נאַטאָ״? און צי וועסטו שטעלן אונטער אַ פראַגע־צייכן זייער „רעכט צו אַ זעלבסטשטענדיקן, שטאַטלעכן קיום״? פאַרשטייסטו דען נישט, אַז דורכדעם, וואָס דו מאַכסט אַן אונטערשייד צווישן איין נאַציאָנאַליזם און אַן אַנדערן, צווישן איין רעכט פאַר נאַציאָנאַלן קיום און אַ צווייטן — דיסקרימינירסטו די יידן און בלויז די יידן? איך האָב נישט געהערט, אַז עס איז פאַראַן אַ וויכוח אין דעם לינקן אינטערנאַציאָנאַלן לאַגער און אין דעם רעכטן וועגן נעגירן „דאָס רעכט פאַר עקזיסטענץ״ פון קיין שום מדינה פון די מדינות אין דער וועלט „אַחוץ״ פון דער יידישער מדינה!

## דער יידיש־אַראַבישער קאָנפליקט

דיין תשובה וועט מן־הסתם זיין: ווייל איר האָט צוגערויבט אַ פרעמד לאַנד און פאַרוואַנדלט אירע איינוווינער אין פליטים. עס איז טאַקע שוין געקומען די צייט אויפצוקלערן דאָס דאָזיקע פראָבלעם.

לאָמיר אָנהויבן פון דעם „רויב״: 14 אַראַבישע מדינות, וועלכע פאַרנעמען אַ שטח פון 11 מיליאָן קוו. קילאָמעטער, ד. ה. אַ שטח, וואָס איז מיט אַ מיליאָן קוו. קילאָמעטער גרעסער פון דעם שטח פון אייראָפּע, אַריינרעכענענדיק דעם אייראָפּעישן טייל פון ראַטן־פאַרבאַנד פון איין זייט — און מדינת ישראל מיט אירע 25 טויזנט קוו. קילאָמעטער (פאַר דער 6 טאָגיקער מלחמה), ד. ה. 2/1000 טייל פון דעם ריזיקן אַראַבישן שטח פון דער אַנדערער. אויך נאָך דער שאַפונג פון מדינת ישראל געפינט זיך 99.98% פון דעם שטח אין די הענט פון די אַראַבער־צווייטנס, דער גרעסטער טייל פון אָט דעם שטח איז נאָך וויסט, נישט באַאַרבעט און אומבאַוווינט (אויך אַ העלפט פון דער ישראל־טעריטאָריע איז נאָך וויסט). אין אייראָפּע לעבן 560 מיליאָן נפשות, אויף דעם אַראַבישן שטח, וואָס איז גרעסער פון אייראָפּע, לעבן בלויז 90 מיליאָן נפשות, ד. ה. אַז אָט די גרויסע אַראַבישע „אימפּעריע״ איז נאָך אין אַ סך הינזיכטן ליידיק און וויסט.

פאַר וואָס זאָלן די יידן זיך נישט צוריקקערן קיין ארץ־ישראל, ווו זיי האָבן געלעבט און געשאַפן נאָך 2500 יאָר פאַר די אַראַבער, כדי צו פאַרוואַנדלען אירע וויסטענישן אין פרוכטבאַרן באָדן, איר אַנטוויקלען און אויפבויען אויך לטובת די אַראַבישע שכנים? פאַר וואָס זאָלן אַלע פעלקער האָבן דאָס רעכט און פרייהייט צו עמיגרירן, נאָר פאַר יידן זאָל אַזאַ זאַך זיין פאַרבאָטן? אין ארץ־ישראל האָבן געלעבט אין אָנהויב פון דער ציוניסטישער טעטיקייט בלויז אייניקע הונדערט טויזנט אָרטיקע איינוווינער. דערצו־נאָך האָט טשערטשיל אָפּגעטיילט דעם מזרחדיקן טייל פון ירדן פון ארץ־ישראל און פון

דעם היסטאָרישן ארץ־ישראל איז געבליבן נאָר אַ פערטל. שפּעטער האָט מען אויך דאָס פאַרקלענערטע ארץ־ישראל צעטיילט, כדי אויפצושטעלן צוויי זעלבסטשטענדיקע מדינות: אַ יידישע און אַן אַראַבישע.

פאַקטיש פאַרנעמט מדינת ישראל נאָר 1/5 פון גאַנץ ארץ־ישראל און אויך דאָס וואָלט מען נישט געדאַרפט „געבן" די יידן, לויט די משונהדיקע „פּראָגרע־סיסטישע פּרינציפּן", ווען אַפילו די יידן האָבן אויסגעטריקנט זומפּן און זיך באַזעצט לרוב אין ליידיקע, אומבאַוווינטע שטחים. דער נאַרישער ווערטער־שפּיל, וואָס אידענטיפיצירט קאָלאָניזאַציע מיט קאָלאָניאַליזם איז אַ פולשטענדיקע פאַלסיפיצירונג און ליגן. אַז אַ קליינע הערשערישע ווייסע מינדערהייט אין ראָדעזיע פאַרשקלאַפּט אַן אונטערטעניקע נעגערישע מערהייט — הייסט דאָס קאָלאָניאַליזם. אָבער, אַז ווייסע רוסן באַפרוכפּערן די פאַרפרוירענע און ווייסע ערד פון סיביר, אָדער אַז די יידן באַפרוכפּערן מיט זייער אַרבעט פעלדזן און זאַמדן אין ארץ־ישראל — איז דאָס קאָלאָניזאַציע. יעדע „אידענטיפיצירונג" פון אָט די צוויי אַנטקעגנגעזעצלעכע באַגריפן איז פּשוטע דעמאַגאָגיע.

אַגב, דו דאַרפסט וויסן, אַז אין ארץ־ישראל לעבן איצט 2,5 מיליאָן יידן און 2 מיליאָן אַראַבער. דעמאָגראַפיש זענען מיר די מערהייט און פונדעסטוועגן פאַרנעמען מיר אַ פינפט חלק פונעם לאַנד. דער גרעסטער טייל פון די שטחים, וועלכע מיר האָבן פאַרוואַנדלט אין אַ בליִענדיקן גאָרטן זענען געלעגן וויסט, אומבאַאַרבעט און אומבאַוווינט ביז מיר זענען געקומען און זיי אויסגעלייזט. געהערט נישט די ערד צו די, וועלכע באַאַרבעטן איר, אַפילו לויט דער „פּראָג־סיסטישער" תורה?

דריטנס, עס איז נישט אונדזער שולד, וואָס עס איז נישט אַנטשטאַנען — נעבן אונדז — א פרייע פּאַלעסטינישע, סוווערענע מדינה. אין הסכם מיטן באַ־שלוס וועגן צעטיילן דאָס לאַנד אין יאָר 1947, האָבן מיר אויפגעשטעלט אונדזער מדינה און מיר האָבן געמיינט, אַז עס וועט אויך אויפגעשטעלט ווערן אַ פּאַראַ־לעלע, אַראַבישע מדינה, מיט וועלכער מיר וועלן אָנהאַלטן שכנותדיקע באַציִונגען, דערטיילן איר הילף פּונקט ווי מיר האָבן געהאָלפן צענדליקער נייע אַפריקאַנישע מדינות. נאָר וואָס איז געשען? דער הערשער פון עבר־הירדן איז איבערגעפאַלן דאָס לאַנד און אָקופּירט מיט כוח אַ חלק פון דעם שטח פון דער אַראַבישער מדינה, וואָס האָט געדאַרפט אַנטשטיין און דער עגיפּטישער הערשער האָט געטאָן דאָס זעלבע און פאַרכאַפּט דעם איבערגעבליבענעם טייל. די אַראַבער אַליין האָבן צונישט געמאַכט דעם פּלאַן פון שאַפן אַ זעלבסטשטענדיקע אַראַבישע מדינה אין ארץ־ישראל.

אין אונדזער צייט רעדט מען זייער פיל וועגן ציוניסטישער „אַגרעסיע" און ציוניסטישער „עקספּאַנסיע". אין דער אמתן, אָבער, זענען דאָס די אַראַ־בישע הערשער פון די שכנותדיקע מדינות געווען די אַגרעסאָרן און דעראָבערער

אין דעם יאָר 1948 ברעכנדיק די באַשלוסן פון „אונאָ", פאַרוואַנדלענדיק די פּאַלעסטינישע אַראַבער אין פּראַקטיקאַראַט־אַראַבער און נעגירנדיק זייער רעכט פאַר זעלבסטבאַשטימונג און אַ סוווערענעם לעבן. די דאָזיקע הערשער האָבן „באַוויזן" אויפצוטאָן דריי זאַכן: א) צו מאַכן פון דעם „אונאָ"־באַשלוס וועגן אַ פּאַלעסטינישער אַראַבישער מדינה אַ שטיקל פּאַפּיר, ב) צו שאַפן אַ פּראָבלעם פון הונדערטער טויזנטער אַראַבישע פּליטים, וועלכע וואַלטן ביזן היינטיקן טאָג געלעבט פריי אויף זייער ערד, ווען נישט די מלחמה, ג) אַלס אַן אויסדרוק פון מוסטערהאַפטער אַראַבישער „סאָלידאַריטעט" האָבן זיי איבערגעלאָזט 20 יאָר, זייערע ברידער אין פּליטים־לאַגערן, וואָס זענען אייגנטלעך קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אַן באַשעפטיקונג, אַן רעהאַביליטאַציע, אָן אַ יסודותדיקער לייזונג פאַר זייער נויט. דאַרפסט אויך געדענקען, אַז אין משך פון אָט די 20 יאָר האָט מדינת ישראל זיך געווענדעט 110 מאָל מיט שלום־פאָרשלאָגן, וועלכע זענען אָפּריאָרי אָפּגעוואָרפן געוואָרן, ווען אַפילו ישראל איז געווען גרייט צו באַ־האַנדלען דאָס פּליטים־פּראָבלעם, באַזונדער, נישט געבונדן מיט אַ משא־ומתן וועגן שלום און וועגן שליסן אַ שלום־אָפּמאַך. פאַר די אַראַבער איז געווען בילכער צו האַלטן הונדערטער טויזנטער ברידער אין באַדינגונגען פון שמוץ, אָפּגע־לאָזנקייט און אַנטאָרטונג, ווי זיצן צוזאַמען מיט אונדז און געפינען אַ לייזונג פאַר דעם דאָזיקן פּראָבלעם. די פראַגע פון „פּרעסטיזש" איז פאַר די אַראַבישע הערשער געווען מער וויכטיקער ווי די שרעקלעכע עלנט פון זייערע ברידער. עס איז קלאָר ווי דער טאָג: ווען די אַראַבער וואָלטן פאַרהאַנדלט מיט אונדז, — ווי זיי זענען דאָס געווען מחוייב צו טאָן לויט די וואָפנשטילשטאַנד־אָפּמאַכן נאָך דער מלחמה פון 1948, — וואָלט נאָך מיט 20 יאָר צוריק אויפגעשטעלט געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקע אַראַבישע פּאַלעסטינישע מדינה און דאָס אַראַבישע פּליטים־פּראָבלעם, וואָלט שוין פון לאַנג געווען געלייזט אַ דאַנק אַ געמיינ־זאַמער אַנשטרענגונג פון ישראל און אירע שכנים.

טייערער פריינד, די וועלכע „באַגייסטערן" זיך פון אַראַבישער „רעוואָ־לוציאָנערישקייט" פון דער „גבורה" פון אל־פתח, פון זייער פאַרעקשנטער האַלטונג א. אַז. וו. דאַרפן וויסן, אַז די דאָזיקע גבורה האָט נאָר איין און איינציקן באַדייט: מפקיר זיין די פּאַלעסטינער אַראַבער, צונישט מאַכן זייער רעכט פאַר זעלבסטשטענדיקייט און אַנהאַלטן, ווער ווייס ווי לאַנג נאָך, די נויט פון די פּליטים. כדי צו לייזן ממש די דאָזיקע אַנגעווייטיקטע פּראָבלעמען דאַרף מען נישט האָבן קיין טאַנקען און עראָפּלאַנען, מאַשין־געווער, מינעס און אַ טאָג־טעגלעכע בלוט־פאַרגיסונג אויף ביידע זייטן פון דעם פייער־איבעררייס. דערצו איז נויטיק אַ רונדער טיש פאַר אַ משא־ומתן צווישן יידן און אַראַבער. גלייך ווי ביידע צדדים וועלן זיך אַוועקזעצן פנים אל פנים און פאַרהאַנדלען רויִק און ערנסט וועט מען געפינען אַ אויסגאַנג פון דעם איצטיקן מצב און אַ לייזונג

צו דעם קאָנפליקט, וועלכן נאָסער האָט געפּרוּווט לייזן דורך פאַרגיסן אומשולדיק בלוט און פירן דריי מלחמות אין וועלכע ער האָט געליטן אַ צעשמעטערנדיקע מפלה. ווי אַזוי קען מען לייזן דעם קאָנפליקט? אויפן וועג: א. פון אויפשטעלן אַן אַראַבישע מדינה אין וועלכער עס זאָלן איינגעשלאָסן ווערן אַלע פּאַלעסטינער אַראַבער, ב. פון לייזן דאָס פּליטים־פּראָבלעם און אַלע אַנדערע וויטאַלע פראַגן, ווי צום ביישפּיל: אַנערקענטע, זיכערע גרענעצן און פרייהייט פון נאַוויגאַציע פאַר ישראל.

## זשענאָסייד — אַ „פּראָגרעסיסטישער" פּרינציפּ?

פיל מענטשן פון לינקס וואַרפן אָפּ אין ליכט פון דעם ישראל־נצחון אין דער זעקסטאָגיקער מלחמה, די „לעגענדע" וועגן אַראַבישער אַגרעסיע. זיי זענען גיכער געניגט אָנצונעמען דעם סאָוויעטישן שטאַנדפּונקט וועגן אַ „ישׂ־ראלדיקער אַגרעסיע". „דאָס לעבן און טויט אין די הענט פון דער שפּראַך" — זאָגט אַ העברעיִש שפּריכוואָרט. אויב אַ „פּאָליטישע שטעלונג" איז נישט קיין סינאָנים פאַר דער פעלשונג פון פאַקטן — דאַן ווייסט יעדעס קינד, אַז 7 אַראַבישע מדינות זענען באַפאַלן ישראל אין טאָג, אין וועלכן עס איז פּראָק־לאַמירט געוואָרן איר זעלבסטשטענדיקייט; אַז אין משך פון 20 יאָר האָבן נישט אויפגעהערט די איבערפאַלן, סאַבאָטאַזש־ און מאָרד־אַקטן אין אירע גרע־נעצן; אַז די אַראַבישע מדינות האָבן אָנטוויקלט אַ ברייטע נעץ פון עקאָנאָמישן בויקאָט, כדי צו דערשטיקן ישראל. ווען אַפילו מיר וועלן זיך באַגרענעצן בלויז צו דעם יאָר 1967, ערב דער זעקסטאָגיקער מלחמה, וועלן מיר זען, ווי די אָרגאַניזירטע מאָרד־אַקטן מצד סיריע האָבן געהאַלטן אין איין וואַקסן; אַז נאַסער האָט שפּעטער פּראָקלאַמירט אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע און געברענגט זיין מיליטער 60 קילאָמעטער פאַר תל־אביב; אַז ער האָט פאַרטריבן די „אונ"אָ"־כוחות און געשלאָסן דעם טיראַן־גאָלף; אַז ער האָט אויפגעשטעלט אַ פאַראייניקטע קאָמאַנדע פון אַלע אַראַבישע מדינות און געשלאָסן אַ מיליטערישן פּאַקט מיט דעם קעניג כוסיין, ועמענס האַרמאַטן זענען געשטאַנען 15 קילאָמעטער ס"ה פון תל־אביב.

אַרום דער קליינער מדינת ישראל האָבן זיך קאָנצענטרירט 100 טויזנט סאָלדאַטן פון עיראַק ביז מצרים, 1000 טאַנקען, 1000 באָמבאַרדירער און אַנדערע כלי־משחית און בקולי־קולות האָט מען אָנגעזאָגט דעם חורבן פון מדינת ישראל און די פאַרניכטונג פון אירע יידישע בירגער. אויב נאָך דעם אַלעם איז בכוח אַ „מענטש פון לינקס" צו ריידן וועגן ישראלדיקער אַגרעסיע — איז איינס פון די ביידע: אָדער ער האָט פאַרלוירן יעדן חוש פאַרן אמת און ווירקלעכקייט, אָדער ער האָט זיך געלאָזט אָפּנאַרן דורך די לאָזונגען פון זיינע פירער. איין

זאָך איז זיכער: אויב ישראל וואָלט זיך דעמאָלט נישט פאַרטיידיקט — וואָלט זי היינט — מער נישט עקזיסטירט און אויב די דאָזיקע פאַרטיידיקונג פון מיין פאָלק קעגן די אַראַבישע אַרמייען ווערט באַטראַכט אַלס אַן „אַגרעסיע", דאַן זענען מיר גרייט אויף זיך צו נעמען די דאָזיקע זינד.

דער טרויעריקער אמת, טייערער פריינד, איז דאָס, וואָס די אַראַבישע פירער האָבן זיך ביז דעם היינטיקן טאָג נישט אָפּגעזאָגט פון דעם געדאַנק צו צעשטערן מדינת ישראל און פאַרטיליקן דאָס פאָלק פון ישראל. דער אמת איז, אַז מיר שטרעבן צו שלום און זיי — צו מלחמה, צו אַ פאַרניכטונגס־מלחמה. מיט וועמען, טייערער פריינד, ביסטו? מיט די שלום־ליבהאָבער, אָדער מיט די מלחמה־העצער? איך האָב שוין געזאָגט, אַז אַ רונדער טיש און אַ משא־ומתן צווישןביידע פעלקער איז דער איינציקער און בעסטער וועג צו לייזן די גערעכטע פאָדערונגען פון די פּאַלעסטינישע אַראַבער, אויב אָבער, די אַראַבישע פירער פסלען אַזאַ משא־ומתן און האַלטן נאָר פון מלחמה דאַן הייסט דאָס, אַז זיי האָבן פאַר זיך נאָר איין ציל: אונדז פיזיש אויסצוראָטן. פידל קאַסטראָ האָט שוין געזאָגט: זשענאָסייד איז נישט קיין סאָציאַליסטישע נאָר אַ רעאַקציאָנערע, אַן אַנטי־סאָציאַליסטישע און אוממענטשלעכע פּאָליטיק.

דערביי פאַרזעט מען דעם אמתן פּרצוף־פּנים פון דער אַראַבישער ווירק־לעכקייט: אין דער צייט, ווען מדינת ישראל שטעלט מיט זיך פאָר אַ פּאָרגע־שריטענע, דעמאָקראַטישע מדינה, מיט זעלבסטשטענדיקע אַרבעטער־פּאַרטייען, מיט אַ פרייער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע, מיט אַ קאָאָפּעראַטיווער און קיבוצ־ישער באַוועגונג, וואָס האָט נישט איר גלייכן אין דער גאַנצער וועלט — לעבט נאָך דער גרעסטער טייל פון די אַראַבער אין אַ מצב פון אַנאַלפאַבעטיזם, אונטער דער השפּעה פון פאַנאַטישע רעליגיעזע פּרעדיקער און פּאָליטישע דעמאַגאָגן, אין באַדינגונגען פון פעאָדאַלע קעניגרייכן און טיראַנישע רעזשימען, וועלכע מיס־ברויכן מיט דעם נאָמען „סאָציאַליזם", כדי צו פאַרהוילן זייער אויטאָריטאַרן באַנאַפּאַרטיסטישן כאַראַקטער.

אין דער באַוואָפענונג פון מצרים קעגן אונדז (זי האָט דאָך נישט קיין אַנדערן שונא), האָט דער ראַטן־פאַרבאַנד אַריינגעלייגט אַ מיליאַרד דאָלאַר און אָט די פאַנטאַסטישע סומע געלט איז אין משך פון 6 טעג געוואָרן פאַר־זשאַווערט אייזן אין מדבר סיני. נאָך דער מפּלה האָט ראַטן־פאַרבאַנד „באַנייט" אירע מיליטערישע ליפערונגען קיין מצרים און דאָס האָט איר ווידער געקאָסט אַ מיליאַרד דאָלאַר. איז דען דאָס נישט די „טראַדיציאָנעלע" פּאָליטיק פון „האַרמאַטן אַנשטאָט פּוטער"? מיט די צוויי מיליאַרד דאָלאַר האָט מען דאָך געקענט, אין אַ גרויסער מאָס, לייזן דאָס פּראָבלעם פון די פּליטים, הויבן די לאַנדווירטשאַפט, ליקווידירן דעם אַנאַלפאַבעטיזם, אַנטוויקלען די אינדוסטריע, אַריינברענגען דאָס ליכט פון קולטור און וויסן אין די פינצטערע קוואַרטאַלן

פון נויט און עלנט אַנשטאָט אויסצוגעבן די דאָזיקע צוויי מיליאַרד דאָלאַר אויף מלחמות, בלוט־פאַרגיסונג און מאָרד? איז טאַקע אַזוי שווער צו פאַרשטיין, אַז אין אָנבליק פון דעם מצב איז די נאַציאָנאַלע, אַראַבישע באַוועגונג ווייט פון זיין דער מוסטער פון „פּראָגרעס" און זי געפינט זיך נאָך טיף אין מיטלאַלטער מיט זיינע „מלחמות פון 30 יאָר" און דאָס אַלץ ווערט געמאַכט נאָר כדי אָפּצוראַטעווען דעם פרעסטיזש פון די פירער און אין נאָמען פון אַ פוסטן, אָפּנאַרערישן רום.

די מענטשן פון לינקס טענהן, טיילמאָל, אַז דער אַראַבישער פּראָנט איז פּראָגרעסיוו, ווייל ער ווערט געשטיצט דורך ראַטן־פאַרבאַנד און דער ישראל־ציוניסטישער לאַגער איז רעאַקציאָנער, ווייל ער ווערט געשטיצט דורך די פאַראייניקטע שטאַטן. ראַטן־פאַרבאַנד באַוואָפנט אויך ניגעריע קעגן ביאַפראַ, אונטערשטיצט פינאַנסיעל רעגירונגען אין דרום־אַמעריקע פון דעם פינצטערסטן און רעאַקציאָנערסטן מין. די סאָוויעטישע הילף, וואָס שטראָמט קיין איראַק אָדער סעודיה — איז נישט קיין הכשר פאַר דער „פּראָגרעסיווקייט" פון די אַראַבישע מדינות.

פאַרקערט: נאָך אין אָנהויב פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל האָט מען אויף איר געזאָגט, אַז זי איז די „אַגענטין" פון דייטשלאַנד, שפּעטער, אַז זי איז די „אַגענטין" פון ענגלאַנד און פראַנקרייך" און איצט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. דער אמת איז, אַז ישראל געהערט נישט צו קיין שום בלאָק, קיין שום באַזונדער געפינען זיך נישט אויף איר ערד און זי געפינט זיך אין אַ לאַגע פון אינטערנאַציאָנאַלער איזאָלאַציע אויך צוליב דעם, וואָס ראַטן־פאַרבאַנד באַציט זיך פיינטלעך צו איר, רייסט איבער די דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען מיט איר און האַלט מער פון די אַראַבישע מדינות. ווען ראַטן־פאַרבאַנד וואָלט זיך באַצויגן פּאָזיטיוו צו איר, וואָלט ישראל אָנגענומען אַזאַ זאַך מיט ליבע, פּונקט ווי זי וואָלט באַגריסט יעדע אַראַבישע רעוואָלוציע, יעדן אַראַבישן סאָציאַליזם, יעדן אַראַבישן פּאָרשריט, ווען נאָר זיי וואָלטן נישט געטראָגן געוואָרן דורך דעם ווילן איר צו פאַרטיליקן.

עס איז גוט באַקאַנט דער פאַקט, אַז סעודיה איז אַן אַראַבישע „אַמעריקאַנישע" מדינה; אַז ליביע און סודאַן האָבן דערלויבט אַמעריקאַנער באַזעס אויף זייער באָדן, ליביע לעבט אַפילו פון די אַמעריקאַנער נאַפט־הכנסות. טוניס און מאַראָקאָ זענען געבונדן מיטן מערב. אַזוי איז אויך באַקאַנט דער טרויעריקער פאַקט, אַז אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן די אַראַבישע מדינות געשמייכלט צו היטלערן און האָבן אַפילו זיך געבונטעוועט קעגן די פאַרבינדעטע; אַז די אַראַבישע ליגע איז געשאַפן געוואָרן דורך ענגלאַנד; אַז די מלחמה קעגן ישראל אין יאָר 1948 איז אָרגאַניזירט געוואָרן „דיסקרעטערהייט" דורך דעם זעלבן ענגלאַנד; מיט וואָס אַלזאָ קען מען באַרעכטיקן די סאָפיסטישע

„פאַראַלגעמיינערונגען“ וועגן דעם „פראָגרעסיוון“ כאַראַקטער פון אַלע אַראַבישע מדינות?

יעדער איינער, וואָס באַזוכט אין נאָענטן מזרח, קען זיך איבערצייגן, ווי ווייט די אַראַבישע מדינות זענען אָפּגעשטאַנען און ווי ווייט מדינת ישראל איז פּראָגרעסיוו פון עקאָנאָמישן, דעמאָקראַטישן און סאָציאַלן שטאַנדפּונקט. ווער נאָר עס באַזוכט ארץ־ישראל ווייסט, אַז עס איז פאַראַן אָרט פאַר צוויי סעמיטישע פעלקער און אַז אַ ברידערלעכע צוזאַמענאַרבעט צווישן זיי קען ברענגען וווּנ־דערבאַרע רעזולטאַטן. ארץ־ישראל קען נאָך אויפנעמען מיליאָנען יידן, פּונקט ווי די אַראַבער קענען זיך מערן און דער שטח וועט נישט זיין צו „ענג“ פאַר ביידע פעלקער. דער מיטעלער מזרח איז אָבער געוואָרן אַ „משוגעים־הויז“ צוליב דעם רעאַקציאָנערן כאַראַקטער פון דעם אַראַבישן נאַציאָנאַליזם און צוליב די געלוסטן פון די גרויס־מאַכטן צו פאַנגען פיש אין דעם מוטנעם וואַסער.

עס פרעגט זיך דעריבער די פראַגע: וואָס דאַרף זיין די אויפגאַבע פון דעם מענטש פון לינקס, וועלכער קעמפט קעגן אָפּגעשטאַנענקייט און רעאַקציע און פאַר פאָרשריט און שלום? קען זיך אַזאַ מענטש רעכענען מיט דער טענה פון די אַראַבער, אַז זיי קענען נישט זיצן אַרום אַ רונדן טיש און פירן אַ משא־ומתן, ווייל זיי זענען „דערנידעריקט“ געוואָרן דורך צה״ל? פאַרוואָס זענען זיי דער־נידעריקט געוואָרן? ווייל זיי האָבן נישט מצליח געווען אין דריי מלחמות אונדז צו דערנידעריקן? און ווער זענען דאָס די „דערנידעריקער“ און די „דער־נידעריקטע“? דער אמת איז, אַז ביידע פעלקער, די יידן און די אַראַבער האָבן גענוג געליטן פון דערנידעריקונגען אין דער געשיכטע און ביידע דאַרפן אויס־גלייכן זייער רוקן און צוריקגעבן דעם דאָזיקן ראַיאָן זיין אַמאָליקן גלאַנץ ווי דאָס וויגעלע פון קולטור און ציוויליזאַציע.

איז דען דאָס נישט די אויפגאַבע פון אַ מענטש פון לינקס צו דערנענטערן אָט די צוויי פעלקער, צו ברענגען זיי צו אַ רונדן טיש? יעדער איינער וואָס שטעלט זיך נאָר אויף איין זייט: „פאַר“ די יידן און „קעגן“ די אַראַבער אָדער פאַרקערט — דערפילט נישט זיין שליחות. עס איז נישטאָ קיין מער נאָבעלע אויפגאַבע פאַר דעם מענטש פון לינקס, ווי צו דערפירן צו אַ קאָעקזיסטענץ, צו פאַרשטענדיקונג, צו שלום און קאָאָפּעראַציע צווישן די פעלקער. יעדער איינער, וואָס טענהט אַז די אַראַבער זענען דער „וויעטקאָנג“ און מיר די אַגענטן פון די אַמעריקאַנער — פאַרגעסט אַז מיר זענען געקומען קיין ארץ־ישראל 100 יאָר פאַר דעם ווי דער אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם האָט באַוויזן זיינע נעגל.

עס איז נישט קיין צופאַל וואָס די אַראַבער צייכענען זיך נישט אויס אויפן שלאַכט־פעלד און די יידן זענען גרייט צו קעמפן ביז צום לעצטן טראָפּן בלוט, ווייל פאַר אונדז איז דאָס די לעצטע האָפענונג.

לאָמיר זיך באַפרייען פון אידעאָלאָגישע דאָגמעס און זען דיווירקלעכקייט ווי זי איז:ביידע פעלקער האָבן היסטאָרישע רעכט אויף דעם לאַנד: די פּאַ־לעסטינישע אַראַבער צוליב זייער זיין אין לאַנד פון זייט זיי האָבן דעראָבערט דאָס לאַנד מיט 1.300 יאָר צוריק און די יידן האָבן אַ רעכט אויף דעם לאַנד צוליב דער קאָלאָניזאַציע, וואָס זיי האָבן אַדורכגעפעירט נאָך מיט 3000 יאָר צוריק. ביידע פעלקער מוזן לעבן צוזאַמען, דאָס איז די גזירה פון דער געשיכטע און לטובת אָט דעם צוזאַמענלעבן איז מחוייב יעדער מענטש פון לינקס צו געבן זיין פולע הילף.

מנחם קאַפּעליוק

# דער „אַראַבּישער סאָציאַליזם"

אין דעם באַגריף „סאָציאַליזם", וועמענס פּרינציפּן עס האָבן זיך אויסקריס־טאַליזירט אין דעם פֿאַבריקן און אין אָנהויב איצטיקן יאָרהונדערט, האָבן זיך אָנגעכאַפּט, צום אומגליק פֿון דער מענטשהייט, פּאָליטישע און געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַקטאָרן, וועלכע זענען פֿרעמד און אַפֿילו פֿײַנטלעך געשטימט צום סאָציאַליזם. זיי האָבן זיך, מיט אומרעכט, באַנוצט מיט אָט דעם דערהויבענעם באַגריף פֿעלשנ־דיק בכיוון, פֿולשטענדיק אָדער טיילווייז, זײַן אייגנטלעכן מהות. דער טרויעריק־באַרימטער און פֿאַרשאָלטענער דײַטשער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם איז דאָס דער עקסטרעמסטער בײַשפּיל פֿון דער פֿעלשונג און פֿאַרקריפּלונג פֿון סאָציאַליזם און פֿון באַנוצן זיך מיט זײַן נאָמען פֿאַר ברוטאַלע און גרויזאַמע צילן. אויך די פֿאַרבינדעטע פֿון דעם דײַטשן נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם: דער איטאַליענישער פֿאַשיזם און זײַנס גלײַכן, האָט זיך באַצירט מיט פּסעוודאָ־סאָציאַליסטישע לאָ־זונגען, כדי צו פֿאַרהוילן זייערע אמתע פּאָליטישע און קלאַסן־אינטערעסן און כדי צו פֿאַנגען די מאַסן אין זייער פֿאַרברעכערישער נעץ אויס תמימות אָדער אומוויסן.

דער אומגליק פֿאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס שטרעבט צו אַן אָרדענונג פֿון גערעכטיקייט און שלום, איז געוואָרן נאָך גרעסער צוליב דעם פֿאַקט, וואָס דער סאָציאַליזם איז געפֿעלשט געוואָרן אינערהאַלב דער אַרבעטער־מחנה גופא. וויכטיקע סאָציאַליסטישע אָדער קאָמוניסטישע פֿירער האָבן — אויס אומגעדולד און אַ ווילן צו דערנענטערן די שעה פֿון אויסלייז — געלייגט דעם געוויכט דער עיקר אויף כוח און פֿאַרכאַפּן די מאַכט מיט כוח (גרינגשעצנדיק די הומאַ־נישע ווערטן פֿון סאָציאַליזם). אמת, זיי האָבן באַטראַכט אַז אַ וועג נאָר אַלס צײַטווײַליקן און נאָר פֿאַר אַן איבערגאַנגס־פּעריאָד, אָבער, מיטן לויף פֿון דער צײַט איז דער וועג געוואָרן אַ זעלבסטצוועק און ער האָט אָנגענומען אַ פֿאָרם פֿון גרויזאַמען טעראָר און פֿון צונישטמאַכן די עלעמענטאַרע רעכט פֿון בירגער־לעכער, פּאָליטישער און גײַסטיקער פֿרײַהייט.

דער „קאָמוניזם" אין וועלכן פֿיל איבערגעגעבענע קעמפֿער פֿון אַרבעטער־קלאַס און פֿון דער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ האָבן געזען אַ אויסדרוק פֿון דעם רעוואָ־

לוציאָנערן סאָציאַליזם, פון דעם סאָציאַליזם, וואָס קעמפט קעגן דער אָרדענונג פון עקספּלאָאַטאַציע און פאַרשקלאַפונג און פאַר אַ נייער וועלט פון גלייכהייט, ברידערלעכקייט און שלום אין די באַציונגען צווישן מענטש און מענטש און צווישן פאָלק און פאָלק, אָט דער „רעוואָלוציאָנערער" סאָציאַליזם, איז צו אונדזער צער, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין די הענט פון דער רוסיש־סאָוויעטישער גרויסמאַכט אין אַ מעכטיקן גרויזאַמען אינסטרומענט פון אונטערדריקונג און קנעכשאַפט. עס איז, דעריבער, נישט קיין ווונדער, וואָס אַזאַ מין סאָציאַליזם האָט זיך אין משך פון יאָרן דערקייקלט צום תהום פון אַ גרוילִיקער, סטאַליניסטישער דיקטאַטור מיט אירע מאַסנהאַפטע רציחות, קאָנצענטראַציע־לאַגערן, צוואַנגס־אַרבעט און פּייניקונגען פון מיליאָנען מענטשן. דער איינציקער שטראַל פון ליכט אין דעם דאָזיקן „סאָציאַליזם" איז דער פאַקט, וואָס פיל, פיל מענטשן און צווישן זיי אפילו גרויסע קאָמוניסטישע פּאַרטייען, האָבן לעצטנס געעפנט די אויגן און זיך איבערצייגט אין דעם הייליקן ליגן פון דער גאולה פון מענטש און פאָלק דורך טרעטן מיט די פיס די ווערטן פון דעמאָקראַטיע און פרייהייט, וועלכע זענען דערגרייכט געוואָרן אין אַ בלוטיקן דורותלאַנגן קאַמף. עס וואַקסט כסדר די צאָל פון די, וואָס אַנערקענען דעם פאַטאַלן פעלער פון נאָכגיין בלינדערהייט נאָך דעם כוח, וואָס האָלט זיך נישט אָפּ פון זיך אַריינמישן אויף אַ ברוטאַלן אופן אין די אינערלעכע ענינים פון אַנדערע מדינות און פעלקער און פון אַדורכפירן אַ מיליטערישע אינוואַזיע אפילו אויף אַ קאָמוניסטישער פאַרבינדעטער מדינה, ווי טשעכאָסלאָוואַקיע אין אויגוסט 1968.

דאָך איז נישט געלונגען די פאַרשידענע פעלשער און פאַרקריפּלער פון סאָציאַליזם, אויסצולײדיקן דעם באַגריף „סאָציאַליזם" פון זיין אמתן אינהאַלט. זאָלן ווייטער פאַרשידענע אויסטייטשער — און מיר מיינען דאָסמאָל אויפריכטיקע אויסטייטשער — אויפקלערן דעם מהות און פאַרווירקלעכונגס־וועגן פון סאָציאַליזם ווי עס געפעלט זיי, אָבער, דער מהות פון סאָציאַליזם וועט אויף אייביק בלייבן אַזאַ, ווי עס האָבן אים געמאָלט און פאַרמולירט די גרויסע שעפער פון סאָציאַליזם: אָפּשאַפן דעם אויסנוץ און רויב מיט אַלע זייערע באַגלייט־דערשיינונגען אויף דעם עקאָנאָמישן און געזעלשאַפטלעכן געביט, ווי למשל: הונגער, אונטערדריקונג, גייסטיקע פאַרשקלאַפונג און אויך די הערשאַפט פון שטאַרקע און רייכע מדינות איבער קליינע און שוואַכע מדינות. דער אמתער סאָציאַליזם, אַזוי ווי עס האָבן אים אויסגעטראַגן די בעסטע טרוימער און קעמפער, שטרעבט אויפצושטעלן אַ אָרדנונג פון אַרבעט, פון אַ מאַטעריעלן און גייסטיקן פאָרשריט, אין וועלכער אַלע אַרבעטן, שאַפן און געניסן פון זייער אַרבעט; אין וועלכער עס הערשט פולע גייסטיקע פרייהייט און אין וועלכער אינטערנאַציאָנאַלע סכסוכים ווערן געלייזט אויף אַ פרידלעכן אופן אויפן וועג פון פאַרשטענדיגונג און שלום און דורך אַ אָרגאַניזאַציע פון פאַראייניקטע פעלקער באמת און נישט ווי די היינטיקע

אָרגאַניזאַציע פון „אונא״, וואָס דינט פּאַקטיש די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון די גרויס־מאַכטן, און פון דער אָדער אַנדערער גרופּע פון מדינות.

## די אויפשפּראָצן פון דעם אייראָפּעיִשן סאָציאַליזם אין די אַראַבישע לענדער

די אַראַבישע לענדער האָבן זיך באַקענט מיטן סאָציאַליזם נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. פריער האָט נישט עקזיסטירט אין קיין שום אַראַביש לאַנד, אין אונדזער סביבה, אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונג, אָדער אַזאַ אָדער אַנדערע, סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע. די קאָמוניסטיש־סאָוויעטישע אויפלאַגע פון סאָציאַליזם האָט אויסגענומען אין די אויגן פון די אַראַבער.

די ערשטע מדינה אין דעם אַראַביש־רעדנדיקן מזרח, צו וועלכער עס איז דערגאַנגען אין די 20יקער יאָרן די קאָמוניסטישע אידעאָלאָגיע — איז געווען מצרים, מיט איר גרויסער באַפעלקערונג און, פאַרהעלטנישמעסיק, מער אַנטוויקלטן שטאָטישן ישוב. מצרים האָט דאַן געדינט אַלס אַ מוזולמענישער און נישט ווי אַראַבישער צענטער, ווייל די מצרישע מלוכה־מענער, געזעלשאַפטלעכע טוער און משׂכּילים האָט בכלל געפעלט דאַן דער א. ג. אַראַבישער באַוווסטזיין, וואָס האָט זיך גאָר אַנטוויקלט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה דווקא אין דמשק, באַגדאַד, ביירוט א. ד. גל. מצרים האָט דןאַ אַראָפּגעקוקט מיט שפּאָט, אויב נישט מיט ביטול, אויף די אַראַבער און זי האָט בכלל נישט געהאַלטן פון „אַראַבישן באַוווסטזיין״, ווייל די מערהייט מצרים האַלטן, אַז זיי שטאַמען פון די אוראַלטע מצרים (פּרעו־נים) און נישט פון די ישמעאלים.

דער קאָמוניסטישער סאָציאַליזם איז געווען דער ערשטער אין מצרים און אין די שכנותדיקע אַראַבישע לענדער, וואָס האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די אַרבעטער און זיי באַקענען מיט די פראַגן פון פּראָפעסיאָנעלן קאַמף א. א. וו. אין די באַדינגונגען פון דער אָריענטאַלישער עקספּלאָאַטאַציע פון די 20יקער יאָרן איז נישט געווען שווער איינצואָרדענען שטורמישע שטרייקן אין קאַהיר און אַלעקסאַנ־דריע. דער כּוח פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער איז געווען שוואַך און צוזאַמען מיט דעם דערשטיקן די שטרייקן זענען אויך ליקווידירט געוואָרן די ערשטע קאָמוניסטישע קעמערלעך. עס זענען פאַרבליבן קליינטשיקע גרופּן, וואָס האָבן געפירט זייער טעטיקייט אומלעגאַל און אונטער דער אָנפירונג פון קאָמוניסטישע שליחים, לרוב יידן (פון ארץ ישראל) אַרמענער א. ד. גל.

## דערציונג צו אַ צוזאַמענאַרבעט מיט פעאָדאַלן און בורזשועזן

דער מאַנגל אין אַ אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט, דער נידעריקער קולטור־ניווא (80%אַנאַלפאַבעטן) פון די מאַסן, דער באַזונדערער פּאָליטישער כאַראַקטער

פון קאָמוניזם אין די אַראַבישע לענדער, וואָס האָט געזען זיין עיקר־אויפגאַבע אין דעם קאַמף קעגן אימפּעריאַליזם — זיי אַלע האָבן פון פאָרויס אָפּגענומען די מעגלעכקייט און ווילן פאַר אַ קאָנסעקווענטער, סיסטעמאַטישער אָרגאַניזיר־טעטיקייט צווישן די באַעוולטע און עקספּלאָאַטירטע אַרבעטער מיטן ציל צו פאַרבעסערן זייערע לעבנס־באַדינגונגען, אַזוי ווי עס האָבן דאָס געטאָן די סאָ־ציאַליסטן אין אייראָפּע און אַמעריקע. די אַנטיאימפּעריאַליסטישע דאָקטרין, וואָס איז, אין אַ גרויסער מאָס, געווען באַאיינפלוסט פון די פּאָליטישע אינטערעסן פון דער סאָוויעטישער גרויס־מאַכט, האָט אויפגעצווינגען אויף דער שוואַכער און יונגער אַרבעטער־באַוועגונג אַ צוזאַמענאַרבעט מיט די עקספּלאָאַטירנדיקע און באַרויבנדיקע קלאַסן לטובת אַ געמיינזאַמען קאַמף קעגן דעם אימפּעריאַליזם. די דאָזיקע, אין גרונט, פאַלשע קאָמוניסטישע פּאָליטיק האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געקענט דינען אַלס אַ שטויס־קראַפט פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. נישט געקוקט אויף דער אַרבעט און מי, וואָס די קאָמו־ניסטישע באַוועגונג האָט אַריינגעלייגט אין די לענדער פון דעם אַראַבישן מזרח, איז נישט געלונגען דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע צו שלאָגן וואָרצלען צווישן די ברייטע פאָלקס־שיכטן אין די 20־קער און 30־קער יאָרן פון דעם איצטיקן יאָרהונדערט. אויך די אָנשטרענגונגען פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין די 40־קער און 50־קער יאָרן, נאָכדעם ווי סאָוויעטרוסלאַנד איז צוגעשטאַנען צו די מערב־פאַרבינדעטע און צוזאַמען געקעמפט קעגן דעם נאַצישן דייטשלאַנד און נאָכדעם ווי די קאָמוניסטן האָבן געגאָסן, אין די לענדער, פון אַ באַשטימטער פרייהייט אין זייער אַרבעט אויפצושטעלן אַ ממשותדיקע אַרבעטער־באַוועגונג — זענען נישט געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג.

## דער „סאָציאַליזם" פון די „מוזולמענישע ברידער"

עס איז דעריבער געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז אַלס פועל יוצא פון דעם דורכפאַל פון דער קאָמוניסטישער וועלט־באַוועגונג אין דער האַלב־פעאָדאַלער געזעלשאַפט פון די אַראַבישע לענדער אין וועלכע די רעליגיע און רעליגיעזע פאַרשטייער האָבן אַ גרויסע השפּעה — זאָל אויסוואַקסן אַן אַנדערע, אָרטיקע אידעאָלאָגיע. דער כסדרדיקער ווּקס פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין מצרים און אין די שכנותדיקע לענדער, דער אומאויפהערלעכער שטראָם פון אַרבעט־הענט פון דאָרף אין דער שטאָט (באַזונדערס אין מצרים) און די אָפטע שטרייקן און אַרבעט־קאָנפליקטן, האָבן דערפירט צו דעם אַנטשטיין פון דעם א. ג. „מוזולמענישן סאָציאַליזם", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך די „מוזולמענישע ברידער".

די פאַנאַטישע רעליגיעז־פּאָליטישע באַוועגונג פון די „ברידער" האָט אַריינ־געצויגן אין אירע רייען טויזנטער אַרבעטער, וועלכע זענען פאַרפירט געוואָרן

דורך דער פֿאַלשער רעליגיעזער תורה, וואָס האָט צוגעזאָגט צו לייזן די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען פֿון דעם אַרבעטער מיטן כּוח פֿון מקיים זײַן די מוזולמענישע מצוות און וואָס איינע פֿון זיי איז „זכאת״ (ד. ה. אַ מין יערלעכע צדקה לטובת די אָרעמע, אין דער גרויס פֿון 2½ פּראָצענט פֿון דעם קאַפּיטאַל און אַ „מעשר״ פֿון די שאָף און רינד). די דאָזיקע באַוועגונג (זי איז אַנטשטאַנען אין מצרים און שפּעטער אַריבער אויך אין אַנדערע מוזולמענישע לענדער, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אָנפֿאַנג די 30־קער יאָרן, האָט אין יאָר 1948 שוין געציילט מיליאָנען חברים. אין מצרים איז דאָס געווען די שטאַרקסטע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, צו וועלכער עס האָבן געהערט, בעיקר, מענטשן פֿון מיטלקלאַס און טייזנטער אַרבעטער פֿון שטאָט און דאָרף. צוליב איר גרויסן כּוח און השפּעה אין יאָר 1948, האָבן אַלע געוואָלט זײַן פֿאַרבונדן מיט איר, אויך דער קייזער־לעכער הויף. אָבער נאָכדעם ווי די דאָזיקע באַוועגונג האָט אָנגעהויבן אַדורכ־פֿירן טעראָריסטישע מעשׂים לטובת דער באַפֿרייונג פֿון פּאַלעסטינע, און דער מצרישער פּרעמיער־מיניסטער נוקראשי פּחה איז דערמאָרדעט געוואָרן צום סוף 1948 דורך איינעם פֿון די „ברידער״, איז דער קיום פֿון דער דאָזיקער באַוועגונג פֿאַרבאָטן געוואָרן און זי איז אַראָפּ צו אונטערערדישער אַרבעט.

אגב, די „ברידער״, וואָס פֿיל פֿון זייערע מנהיגים און עסקנים זענען געווען סימפּאַטיקער פֿון די נאַציס און געשטאַנען בראש פֿון דעם „מוזולמענישן סאָציאַ־ליזם״ בכּלל האָבן זוכה געווען אין אַ שטאַרקער אונטערשטיצונג דווקא מצד די גרויסע ערד־באַזיצער און דער בורזשואַזיע פֿון מצרים, ווייל זיי האָבן געהאַט נישט קיין קליינעם נוצן פֿון דעם „סאָציאַליזם״, וואָס איז געווען קעגן יעדער פּאָליטישער און פּראָפֿעסיאָנעלער אָרגאַניזירונג פֿון די אַרבעטער און אָפּגעלייגט די לייזונג פֿון די נויטן און באַדערפֿענישן פֿון די אונטערדריקטע און עקספּלאָאַ־טירטע מאַסן ערשט נאָכדעם, ווי מצרים וועט רעגירט ווערן לויט די יסודות פֿון דער מוזולמענישער רעליגיע. אויך היינט קען מען געפֿינען מענטשן פֿון דער מוזולמעניש־אַראַבישער אינטעליגענץ, וואָס גלויבן, אַז נאָר מיטן כּוח פֿון „זכאת״ (צדקה פֿאַר די אָרעמע), וואָס זי איז איינע פֿון די 5 הויפּט־מצוות פֿון איסלאַם — קען מען לייזן די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פֿראַגן פֿון די אַרבעטנדיקע מאַסן אין די אַראַבישע לענדער.

דעם „מוזולמענישן סאָציאַליזם״ איז נישט געלונגען אַפֿילו אין דער תּקופֿה פֿון דעם אויפֿשטייג און פֿאַנאַנדערבלי פֿון די „ברידער״ אויפֿצושטעלן אַ באַוועגונג פֿון אַרבעטער אין שטאָט און דאָרף. ווי געזאָגט, זענען די „ברידער״ געווען קעגן יעדער זעלבסטשטענדיקער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, ווייל יעדע קלאַסן־אָרגאַניזאַ־ציע, שטייט אין סתירה מיט דעם גייסט פֿון „קאָראַן״, וועלכער דאַרף, לויט דער מיינונג פֿון די „ברידער״, בילדן די קאָנסטיטוציע פֿון דער מדינה, דאָס געזעץ פֿון דעם כּלל און פּרט אין דער „אמתער״ מוזולמענישער מדינה, ווייל עס איז

נישט פאַראַן קיין שום זאַך, וואָס איז נוגע דאָס לעבן פון מענטש, עס זאָל זיך נישט געפינען אין אָט דעם הייליקן בוך. ווי יעדע רעליגיע, און אפשר מער ווי יעדע רעליגיע, באַרעכטיקט דער איסלאַם די עקזיסטענץ פון אָרעמע און רייכע, פון אויבערשטע און אונטערשטע אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. אַז עס וועלן נישט זיין קיין אביונים און אָרעמע, חס ושלום, וויאַזוי וועלן די „גלויביקע" קענען מקיים זיין די דריטע מצווה פון די 5 הויפּט־מצוות אין איסלאַם?

## די הויפּט־יסודות פון דעם „אַראַבישן סאָציאַליזם"

דער „אַראַבישער סאָציאַליזם", וועלכן די נאַסעריסטישע דיקטאַטור האָט געמאַכט פאַר דער ריכטליניע פון איר פּאָליטיק, איז אַנטשטאַנען אין סיריע. אָנהויב די פערציקער יאָרן, בעת די 2טע וועלט־מלחמה האָט נאָך געבושעוועט מיט איר פולער קראַפט און דאָס נאַצישע דייטשלאַנד האָט נאָך געהאַט די אויבערהאַנט אין איר — איז געגרינדעט געוואָרן די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע (ריכטיקער: שאָוויניסטישע) באַוועגונג, וואָס איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן אונטער דעם נאָמען: „די אַראַביש־סאָציאַליסטישע ווידעראויפלעבונג" — בקיצור: „אַל־בעת" (ווידעראויפלעב). אַל־בעת (לייען: בעס) אין קעגנזאַץ צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין דער וועלט, וואָס שטיצט זיך אויף די אַרבעטנדיקע און באַוווּסטע קלאַסן און שיכטן, שטייט אין צענטער פון דעם אַראַבישן סאָציאַליזם דווקא דער אַראַבישער נאַציאָנאַליזם, אַלס אַ אויסדרוק פון עפּעס אַן נעפּלהאַפטן, מיסטישן מיטאָס.

ווער זענען דאָס די שעפער פון דער באַוועגונג? איינער פון אירע אידעאָלאָגן און דענקער איז מישעל עפּאלעק, אַ סירישער קריסט און אַ געוועזענער קאָמוניסט. ער וואַרפט אָפּ דעם פילאָזאָפיש־מאַטעריאַליסטישן צוגאַנג פון קאָמוניזם און האַלט פון אַ פילאָזאָפיש־אידעאַליסטיש „גייסטיקן" וועלט־באַנעם. אין אַ זאַמלונג אַרטיקלען א. נ. „די וועגן פון בעת" (אַראַביש), וואָס איז דערשינען אין יאָר 1963, שרייבט מישעל עפּאלעק צווישן אַנדערס: „די קאָמוניסטישע פילאָזאָפיע שטיצט זיך אויפן מאַטעריאַליזם און קלערט אויף היסטאָרישע אַנטוויקלונגען מיט דעם מאָטיוו פון עקאָנאָמישע פאַקטאָרן. די פילאָזאָפיע פון „בעת" וואַרפט אָפּ די דאָזיקע פילאָזאָפיע און זי האַלט, אַז דווקא דער אידעאַליסטיש־גייסטיקער פאַקטאָר האָט אַן אַנטשיידענע השפעה אויף דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. גייסטיקע באַוועגונגען, וואָס זענען דערשינען אויף אַראַבישער ערד, ווי למשל: דער איסלאַם זענען איר, דעריבער, נישט פרעמד און זיי ווידערשפּרעכן נישט איר פילאָזאָפיע".

דער געוועזענער מאַרקסיסט פילט, אָבער, אַז אויב לגבי דעם פּאַן־אַראַבישן

נאַציאָנאַלן מיטאָס פּאַסט זיך די אידעאַליסטיש־גייסטיקע פילאָזאָפיע זייער גוט אַריין, איז אָבער אַ ספק צי דאָס קען געזאָגט ווערן אויך לגבי דעם סאָציאַליזם אין וועלכן זיין באַוועגונג זעט איר פּאָן. ער שרייבט, בכן, דערוועגן ווי עס פאָלגט:

„מען דאַרף נישט פאַרשטיין אונדזער אידעאַליסטישן צוגאַנג, אַזוי ווי מיר וואָלטן גערופן איינצוהאַלטן די עקזיסטירנדיקע, פּעלערהאַפטע באַדינגונגען, אָדער גלייך ווי מיר וואָלטן געלעבט אין דער אילוזיע, אַז מען קען לייכט אַדורכפירן עקאָנאָמישע רעפאָרמען, פאַרלאָזנדיק זיך בלויז אויף דעם גוטן ווילן. מען דאַרף אויך נישט מיינען, אַז מיר אונטערשטיצן נישט דעם רעאַליס־טישן געדאַנק, אָדער מיר באַציִען זיך נישט ערנסט צו די פאָדערונגען פון דער וויסנשאַפט. מיר גלויבן דערין, אַז מיר מוזן זיין ממש רעאַליסטן אין אונדזער טראַכטן, פונקט ווי מיר וואָלטן געווען מאַטעריאַליסטן. מען קען נישט שאַפן קיין נאָרמאַלע לאַגע פאַר דער געזעלשאַפט אויפן וועג פון אילוזיעס, כישוף און פאַרנעפּלטער ווירקלעכקייט, נאָר דווקא דורך אויספאָרשן איר, דורך אַנאַליזירן אירע חסרונות און דורך פאַרבעסערן דאָס, וואָס מען דאַרף פאַר־בעסערן".

„דער אויסנוצערישער קלאַס וועט נישט מוותר זיין אויף זיין רייכקייט און אינטערעסן נאָר דערפאַר, וואָס מיר וועלן אַפּעלירן צו אים אין נאָמען פון נאַציאָנאַליזם, אין נאָמען פון דער אידעע און פאָרשריט. דערצו זענען נויטיק אַ קאַמף, פּאָליטישע קריסטליזירונג און אַן ערנסטער געדאַנק" (זייט 8—205).

די דאָזיקע הויפּט־יסודות פון דעם סירישן אידעאָלאָג פון דער „בעת" פּאַרטיי אין יאָר 1946 זענען אַדאַפּטירט געוואָרן דורך נאַסערן, בעת ער האָט זיין אינערן־פּאָליטיק אַריבערגעפירט אויף די רעלסן פון דעם אַקטיוון סאָציאַ־ליזם (נאַציאָנאַליזאַציע אאַז"וו). אין די יאָרן 62—1961, האָט אויך בן־בעלא, דער טיראַנישער פּרעזידענט פון דעם באַפרייטן אַלזשיר, אָנגענומען די דאָזיקע תורה.

אַזוי ווי דער נאַציאָנאַליזם פאַרנעמט דעם אויבנאָן אין דעם „אַראַבישן סאָציאַליזם", וועלן מיר דאָ ברענגען אייניקע דעפיניציעס מצד אַראַבישע סאָציאַליסטן וועגן מהות פון דעם „אַראַביזם". צעלאַך אַ־דין אַל־ביטאַר, איינער פון די סירישע אינטעלעקטואַלן (אַ יוריסט און פאָרשטייער פון זיין פּאַרטיי אין די סירישע רעגירונגען און אַ הויפּט־פּערזענלעכקייט אין די „בעת"יסטישע רעגירונגען) און פון די, וואָס האָבן פאָרמירט און געשטאַלטעט דעם אַראַבישן סאָציאַליזם פון דעם „בעת" האָט געזאָגט אין איינער פון זיינע רעדעס וועגן די יסודות פון דער דאָזיקער פּאַרטיי: „די אַראַבער דאַרפן באַהאַנדלען זייערע פּראָבלעמען מיט געפיל און זיך נישט באַפרידיקן בלויז מיטן שכל. דער שכל אַליין איז נישט מסוגל אַריינצודרינגען אין דעם האַרץ פון דער נאַציאָנאַלער

פראַגע. דאָס דענקען דאַרף זיין באַגלייט מיט אַ ציטער פון די נערוון, מיט אַ קלאַפּעניש פון האַרץ, מיט דעם געראַנגל פון דער נשמה און מיט דעם דערוואַך פון דעם יצר, כּדי דער אַנאַליז פון דער פראַגע זאָל פירן צו דער ריכטיקער לייזונג" (פון אַ רעדע פון צעלאַך א־דין אל־ביטאר אין אַראַביש, אַרויסגעגעבן דורך דעם קולטור־קלוב, כוויית 1955).

אין דעם אַריינפיר־וואָרט פון אַ פאַרקירצטער פּלאַטפאָרם, אַ מין „אני מאמין" פון דער „בעת"־פּאַרטיי, געפינען מיר פאָלגנדן פּרינציפּ: „אַן אַראַבישע נאַציע מיט אַן אייביקער שליחות, אַ נאַציאָנאַליזם, וואָס איז אייביק אין נישט קיין היסטאָרישער עטאַפּ". אגב, די דאָזיקע לאָזונג אין פאַרשידענע נוסחאות האָבן מיר געקענט זען — נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה — הענגען ביים אַריינגאַנג פון פאַרשידענע סירישע מיליטער־לאַגערס אין רמת הגולן.

ברייטער ווערט דער דאָזיקער פּאַראַגראַף אַרומגערעדט אין דער פּלאַט־פאָרם פון דער פּאַרטיי (אין 1947) אין דעם קאַפּיטל „גרונטפּרינציפּן": „די אַראַבישע, סאָציאַליסטישע ווידעראויפלעב־פּאַרטיי איז נאַציאָנאַל, ווייל זי גלויבט, אַז נאַציאָנאַליזם איז אַ לעבעדיקער און אייביקער אמת — דער נאַציאָנאַלער געדאַנק פון דער פּאַרטיי קומט צום אויסדרוק אין דעם ווילן פון דעם אַראַבישן פאָלק צו באַפרייונג, פאַראייניקונג און קאָנקרעטיזירונג פון זיין היסטאָרישער פערזענלעכקייט".

אין אַ ווייטערדיקן פּאַראַגראַף לייענען מיר: „די אַראַבישע, סאָציאַליסטישע ווידעראויפלעב־פּאַרטיי איז סאָציאַליסטיש, ווייל זי גלויבט, אַז דער סאָציאַליזם איז אַ נויטווענדיקייט, וואָס דערנעמט זיך פון די סאַמע טיפן פון דעם אַראַבישן נאַציאָנאַליזם. דאָס איז אַ דערהויבענע אָרדענונג, וואָס דערמעגלעכט דער אַראַבישער נאַציע דעם פולן אויסנוץ פון אירע מעגלעכקייטן און די פולע אַנטוויקלונג פון איר געניאַליטעט, דאָס איז אַ אָרדענונג, וואָס פאַרזיכערט דער נאַציע אומאויפהערלעכן פאַרשריט אויפן געביט פון דעם מאַטעריעלן און גייסטיקן שאַפן אויס געטרייער ברידערלעכקייט צווישן אירע קינדער".

פון דער אויבנדיקער ציטאַטע קענען מיר זען, אַז די בכורה אין דעם אַראַבישן סאָציאַליזם האָט דער נאַציאָנאַלער מאָמענט, ווייל דער סאָציאַליזם דינט נאָר און דאַרף דינען די נאַציאָנאַלע צילן: „באַפרייונג, פאַראייניקונג און היסטאָרישע פערזענלעכקייט". די לעצטע דעפיניציעס דערמעגלעכן רעאַק־ציאָנערע טענדענצן ווי אויך אַן אַגרעסיווע פּאָליטיק לגבי אַנדערע פעלקער און עדות, וואָס לעבן אין דעם אַראַבישן מזרח, ווענמענס זעלבסטשטענדיקע עקזיסטענץ שטעלט מיט זיך פאָר, לויט דער מיינונג פון די „בעתים", אַ שטרויכלונג אויפן וועג פון פאַראייניקן די אַראַבישע נאַציע און פון אויסבילדן איר היסטאָרישע פערזענלעכקייט.

נאָסער, וועלכער האָט איבערגענומען דעם נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן סינטעז

פון דער „בעת", נישט דערמאָנענדיק אַפילו דעם סירישן מקור, פאָרמולירט די פּאַראַגראַפן אין דעם „נאַציאָנאַלן אָפּמאַך" אין יאָר 1962 אָט אַזוי: „תקופות פון ליידן און האָפענונג האָבן ענדלעך פעסטגעשטעלט די צילן פון דעם אַראַבישן קאַמף. די דאָזיקע צילן וואָס דינען אַלס געטרייער אויסדרוק פון דעם אַראַבישן נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין זענען: פרייהייט, סאָציאַליזם, אחדות. דער סאָציאַליזם איז סיי אַ מיטל און סיי אַ ציל".

עס איז אינטערעסאַנט צו וויסן פון וואָס פאַר אַ מקורות האָבן געשעפּט זייער תורה די דריי גרינדער און שעפער פון דעם „אַראַבישן סאָציאַליזם": מישעל עפלעק, ג׳מאל עבד אַ־נאַצער און אַחמד בן־בעלאַ. מישעל עפלעק, למשל, זאָגט, אַז דער מאַרקסיזם האָט משפיע געווען אויף זיינע פּאָליטישע און סאָציאַלע אָנשויונגען און אויף זיין אידעאָלאָגיע פון „דער אַראַביש סאָציאַ־ליסטישער ווידערגעבורט" פון איין זייט, און פון ניטשעס פילאָזאָפיע פון דער אַנדערער. ער דערציילט אויך, אַז פון זיינע ערשטע שריט האָט דער קאָמוניזם און פאַשיזם פאַרנומען פיל פּלאַץ אין זיין דענקען און טראַכטן.

אויך נאַסער איז אין זיינע יונגע יאָרן באַאיינפלוסט געוואָרן דורכן קאָמוניזם און סיי דורך דעם פאַשיסטישן „יונגן מצרים". נאַסערס פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער געדאַנק איז אויך באַאיינפלוסט געוואָרן דורך דעם פּאַנמוזולמענישן רעליגיעזן פאַקטאָר אין זיין „מאָדערנעם" לבוש פון דעם שייך אחמד עבדוי (1849 — 1905), ווי אויך דורך דעם מצרישן וועלטלעכן און אַנטי־פּאַנמוזולמענישן נאַציאָנאַליזם פון לוטפּי אַ־סייד.

אחמד בן־בעלא, פון די פירער פון דער אַלזשירער רעוואָלוציע און איר פּרעזידענט נאָך דער באַפרייונג, איז אין זיין יוגנט געווען איינער פון די תלמידים פון דעם צפון־אַפריקאַנער אימפּולסיוון פּאָליטיקער מעסאַלי חאַדזש, וועלכער איז אין די 20ער יאָרן געווען באַאיינפלוסט פון מאַרקסיזם־קאָמוניזם און אין די 30ער יאָרן איז ער גאָר אַוועק אויף די וועגן פון מוזולמענישן משיחיזם.

זיין יורש — האָוואַרי בומעדיען, דער הערשער פון אַלזשיר (נאָך דעם ווי ער האָט בען־בעלאַ אַריינגעשליידערט אין תפיסה), איז באַקאַנט אַלס אַן אָנהענגער פון דעם „מוזולמענישן סאָציאַליזם". צוויי אַנטקעגנגעזעצטע פאַקטאָרן האָבן פאָרמירט די וועלטאָנשויונג פון באמעדיען: די באַרימטע מוזולמענישע „ישיבה" אין קאַהיר „אל־אזהר" און די מיליטערישע הויכשול אין קאָמוניסטישן כינע.

אין דעם פּראָגראַם, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער ערשטער קאָנפערענץ פון פּ.ל.ב. (אַפּריל 1964), ווערט אויך געזאָגט, אַז דער אַלזשירער פּראָגראַם ציט זיין יניקה פון איין זייט פון דער תורה פון דעם „וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם" און פון דער אַנדערער פון דער פּאַנמוזולמענישער תורה פון אחמד עבדו, און זיין עלטערן חבר, ג׳מאַל אַ־דין אל־אַפגאַני.

דער אַראַבישער סאָציאַליזם, איז, בכן, אַ מישמאַש פון פאַרשידענע עלע־מענטן. ער שליסט איין זיך איין אַגרעסיוו, פאַנאַראַבישן שאָוויניזם, אַ פאַר־קריפּלטן סאָציאַליזם לויטן סאָוויעטיש־רוסישן נוסח, אַן אויסגעדראָשענע פראַ־זעאָלאָגיע, ווי למשל, „אימפּעריאַליזם״, מיט אים באַצייכנט מען מדינת ישראל און נאָר די מערב־לענדער, אַ היפש ביסל פוסטע גאווה, דראָונגען און ביטול לגבי אַנדערע. אין דעם אַראַבישן סאָציאַליזם קען מען געפינען כמעט אַלע חסרונות פון דעם דייטשן נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם און פון איטאַליענישן סאָציאַל־פאַשיזם. אָבער עס פעלט אים די נשמה פון סאָציאַליזם — דער געדאַנק פון באַפרייען דעם כלל (די אונטערדריקטע מאַסן) און דעם פּרט ד. ה. באַפרייען דעם מענטש, אין וועלכן די איצטיקע אָרדענונג פון אויסנוץ, אונטערדריקונג און פאַרשקלאַפונג האָט אויסגעראָטן אַלע גוטע מידות און אים פאַרוואַנדלט אין אַ מענטש — אַ וואָלף מיט עגאָיִסטישע פאַרלאַנגען און אַ באַגער צו לעבן אַ לעבן פון לוקסוס און אויפן חשבון פון צווייטן

## די אַנטיסעמיטישע ליטעראַטור פון דער „אַראַבישן סאָציאַליזם״

די ערשטע טרוימער און קעמפער פון דעם אייראָפּעיִשן און אַמעריקאַנער סאָציאַליזם האָבן נישט נאָר געקעמפט קעגן אַבסאָלוטיסטישע רעזשימען און די עקספּלאָאַטירנדיקע אַרבעטגעבער, נאָר זיי האָבן אויך דערצויגן די מאַסן צו דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם אין וואָרט און אין שריפט. די אַרבעט איז בעיקר געפירט געוואָרן שריפטלעך — דער ווירקזאַמסטער מיטל צו דערציִען די מאַסן אין דער פאָרעם פון אַ פּאָפּולערער ליטעראַטור, וואָס האָט אויפגעקלערט דאָס שלעכטס, אומרעכט און גערויב פון די עקזיסטירנדיקע, אויסנוצערישע רעזשימען און דאָס גוטס, פרייהייט און גלייכהייט פון דער צוקונפטיקער סאָציאַליסטישער אָרדענונג.

אין דער גאַנצער ליטעראַטור פון דעם פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט אין קאַהיר און דמשק איז נישטאָ קיין וואָרט וועגן דעם. עס איז נישטאָ קיין ליטעראַטור, וואָס דערציט דעם אַרבעטנדיקן מענטש אָדער דעם פּשוטן בירגער פון מיטל־קלאַס, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם רוב מנין און רוב בנין פון דער מצרישער אָדער סירישער שטאָט. בעיקר איז די ליטעראַטור בייזוויליק אַנטי־ישראלדיק און אַנטהאַלט אַ מיאוסן און אָפּשטויסנדיקן מאַטעריאַל פון פעלשונגען און אויסטראַכטענישן.

זייט יאָרן פאַרשפּרייט נאַסערס „סאָציאַליסטישער״ רעזשים דעם אַנטי־סעמיטישן פּאַשקוויל „די פּראָטאָקאָלן פון די זקני ציון״, וועלכע דער געהיים־דינסט פון צאַריסטישן רוסלאַנד האָט פאַבריצירט. דער פאַקט אַנטפּלעקט מער דעם אמתן פּרצוף־פּנים פון דעם „אַראַבישן סאָציאַליזם״, ווי די אַנטי־ישראלדיקע

און אַנטי־יידישע ליטעראַטור, וואָס וואַקסט, ווי אויף הייוון, אין די אַראַבישע הויפּט־שטעט, וועלכע פּוצן זיך מיטן נאָמען סאָציאַליזם, מיט זיין שטרעבונג צו פעלקער־פאַרברידערונג און ליבע צום מענטש, צו יעדן מענטש.

אַחוץ „די פּראָטאָקאָלן פון די זקני ציון" מיט וועלכע דער סאָציאַליסט, דער אויסלייזער פון די אַראַבער, פאַרפלייצט די אַראַבישע וועלט, איז די מצרישע פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור אָנגעזאַפּט מיט אַנטיסעמיטישן סם, פון אַ באַשטימטן מוזולמעניש־רעליגיעזן קאָלאָריט, וואָס האַלט זיך נישט אָפּ פון צושרייבן יידן יעדע נידערטרעכטיקע מידה, איינגעשלאָסן בלוט־בלבול. די ווילדע אויסטראַכטעניש וועגן באַנוצן זיך מיט דעם בלוט פון קינדער צום באַקן מצות אויף פּסח איז נישט איינמאָל איבערדערציילט געוואָרן אין דעם קאַהירער ראַדיאָ פון דער „שטים פון די אַראַבער".

אין דער גרויסער וועלט געפינען זיך לינקע סאָציאַליסטן, וואָס באַציִען זיך מיט כבוד און אַפילו מיט פאַרערונג צו נאַסערן. עס וועט, דעריבער, נישט זיין איבעריק צו ברענגען ווייטער אייניקע אויסצוגן פון דער עקלהאַפטער אַנטיסעמיטישער ליטעראַטור, אויף וועלכע מען דערציט דאָס מצרישע פאָלק, וואָס זיין אומגליקלעכער גורל האָט אים, וואָס אַן אמת, באַפרייט פון די ליידן פון דעם פאַרדאָרבענעם רעזשים פון מלך פאַרוק, אָבער, האָט אים צוריק אַריינגעשליידערט אין די נעגל פון אַ שרעקלעכער דיקטאַטור, וואָס שטרעבט צו באַהערשן אַלע אַראַבישע לענדער און — קודם כל — פאַרניכטן מדינת ישראל.

אין דעם בוך: „די פּאַלעסטינער פראַגע" שרייבט חאסאן צאַברי אלכולי, איינער פון די יונגע אָפיצירן, וואָס האָבן אַדורכגעפירט די איבערקערעניש אין יולי 1952 און איז דער פּערזענלעכער פאָרשטייער פון דעם פּרעזידענט פון דער מצרישער רעפּובליק, אָט וואָס:

„אַלע אַמאָליקע היסטאָרישע דאָקומענטן באַשטעטיקן, אַז די אוראַלטע יידן האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ פאַרבייגייענדיקן עפּיזאָד אין דער געשיכטע פון פּאַלעסטינע, זיי האָבן נישט איבערגעלאָזט הינטער זיך קיין שום שפּור, וואָס זאָל זיי געבן וועלכע נישט איז היסטאָרישע רעכט".

„פּונקט אַזוי באַשטעטיקן קלאָר אַלע היסטאָרישע דאָקומענטן, אַז קיין מענטש איז נישט געקומען קיין פּאַלעסטינע פאַר די אַראַבער, ווייל די כנענישע אַראַבישע שבטים האָבן געלעבט אין איר זינט קרוב צו 5.000 יאָר" (אונטער־געשטראָכן דורך מיר, מ. ק.).

עס ווערט דערציילט ווייטער אין בוך, אַז די יידן זענען געקומען קיין פּאַלעסטינע אונטער דער אָנפירונג פון דעם נביא אברהם (לויט דעם קאָראַן, זענען אַלע פּערזענלעכקייטן, וואָס ווערן דערמאָנט אין תנ"ך און זענען געווען באַקאַנט מוחמדן — נביאים, מ. ק.) און זיי האָבן געלעבט צוזאַמען מיט די

אַראַבער. בעת די יידן האָבן זיך געשטאַרקט און פאַרמערט, האָבן זיי אָנגע־וואָרפן זייער הערשאַפט איבער די אַראַבער אין משך פון 70 יאָר. דאָס איז דער סך הכל פון דודס און שלמהס קעניגרייך".

דערמיט האָט זיך געענדיקט די תקופה פון בית ראשון לויט דעם געלערנטן פון דעם אַראַבישן סאָציאַליזם.

אַלכולי דערציילט אויך, אַז „נבוכדנצר האָט חרוב געמאַכט דעם היכל שלמה און „אָפּגערייניקט" פּאַלעסטינע פון די יידן. די „אַראַבער" זענען פאַר־בליבן און די יידן האָבן זיך אומגעקערט „נאָך הונדערטער יאָרן". אין די צייטן פון דער רוימער־הערשאַפט האָבן די איינוווינער פון פּאַלעסטינע אַכטונג געגעבן, אַז יידן זאָלן נישט האָבן קיין רעכט צו וווינען דאָרט, אַזוי, אַז ווען דאָס מוזולמענישע מיליטער האָט איינגענומען פּאַלעסטינע אין די צייטן פון איבן אל חטאב (דער צווייטער הערשער נאָך דעם טויט פון מוחמד — מ. ק.), האָבן די איינוווינער פון ירושלים געפאָדערט פון אים נישט צו דערלויבן יידן צו וווינען מיט זיי און די דאָזיקע פאָדערונג איז איינגעשלאָסן אין דעם זיכער־קייט־בונד, לויט וועלכן זיי האָבן איבערגעגעבן ירושלים אין די הענט פון אונדזער האַר עומר". דער פאַרלאַג דערמאָנט דעם לייענער, אַז אין דער ביילאַגע א' צום בוך א. נ. „דער עומר־פּאַקט" געפינט זיך דער פאַרבאָט אויף יידן צו וווינען אין דער דאָזיקער שטאָט.

עס דאַרף באַמערקט ווערן, אַז לויט דער מיינונג פון פאָרשער, האָט אַזאַ פּאַקט קיין מאָל נישט עקזיסטירט, ער איז דערמאָנט געוואָרן אין אַ שפּעטערער תקופה צוליב פּאָליטישע טעמים, איבער וועלכע עס איז נישט דאָ דער פּלאַץ זיך אָפּצושטעלן.

„די יידן זענען די ערגסטע פון אַלע פעלקער — זאָגט דער הויפּט־פּירער פון דער גרופּע „אַראַבישע סאָציאַליסטן" — מען האָט זיי תמיד אויפגענומען זייער גוט אין יעדן לאַנד, וווהין נאָר זיי זענען געקומען, אָבער, צום סוף זענען זיי געוואָרן פאַרהאַסט און פאַרטריבן".

כדי דאָס צו אילוסטרירן, האָט חאסאן צאברי אלכולי בייגעלייגט אַ דאָ־קומענט א. נ. „דער פאַרטרייב פון די יידן" פון די לענדער אין וועלכע זיי האָבן געלעבט. די רשימה אַנטהאַלט 16 מדינות אין אייראָפּע, פון וועלכע די יידן זענען פאַרטריבן געוואָרן אין פאַרשידענע תקופות, אָדער מען האָט זיי גלייך נישט געלאָזט אַריין און זיך באַזעצן דאָרט.

דער אַנטיסעמיטיזם פון דעם ערגסטן מין קומט, באַזונדערס, צום אויסדרוק אין דעם קאַפּיטל א. נ. וועגן „אייניקע אָנשוויונגען אין תלמוד". עס ווערן אים ציטירט ברייטערע אויסצוגן פון דער אַנטיסעמיטישער ליטעראַטור וועגן תלמוד און באַזונדערס פון דעם בוך: דער „ייד אין תלמוד" פון אַ קאַטוילישן טעאָלאָג אין עסטרייך, מיט דעם נאָמען רוהלינג (1839—1911), וועלכער האָט

פאַרפּאַסט אַן אַנטיסעמיטישן פּאַמפּלעט און מיט דער הילף פון אַ משומד, אַ שווינדלער האָט ער אַרויסגעגעבן דאָס אויבנדערמאָנטע בוך. אַלע פעסט־שטעלונגען, אויפקלערונגען און מכלומרשטע וויסנשאַפטלעכע מסקנות זענען שפּעטער אָפּגעלייקנט און אויפגעוויזן געוואָרן אַלס פאַלש דורך קריסטלעכע זאַכקענער פון דער יידישער ליטעראַטור און אַפילו דער מחבר אַליין רוהליגג האָט מודה געווען דערין, פונדעסטוועגן איז דאָס בוך פאַרשפּרייט געוואָרן אין דעם צאַריסטישן רוסלאַנד און אין אַנדערע אַנטיסעמיטישע לענדער און היינט דינט עס אַלס אַ „באַגלייבטער" מקור פון יידישן וויסן, ווי עס זאָגט דער מחבר אין דעם לאַנד פון אַראַבישן סאָציאַליזם.

נאָך די „ציטאַטן" פון תלמוד, ווערט געגעבן אַ ברייטערער איבערבליק פון די „פּראָטאָקאָלן פון די זקני ציון". די יידישע קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל און די פּאָליטישע שטרעבונגען פון דעם יידישן פאָלק, ווערן אין דעם בוך אויפגעקלערט אַלס דער המשך פון די „פּראָטאָקאָלן" פון דעם ביזווייליקן פּלאַן פון דעם וועלט־יידנטום צו באַהערשן די וועלט און אַלס אַ טייל דערפון צו פאַרכאַפּן דעם שטח פון דעם טייך מצרים ביז דעם טייך פּרת פאַר ציוניסטישער עקספּאַנסיע.

אַפילו אַ מענטש, וואָס קען גוט די עקלהאַפטע, אַנטיסעמיטישע, אַראַבישע ליטעראַטור, מיט וועלכע די „סאָציאַליסטן" אין מצרים און סיריע (אויך אין ירדן און לבנון דורך מוזולמענער, לרוב נישט סאָציאַליסטן) פאַרפּלייצן די אַראַבישע וועלט, שטייט דערשטוינט נישט איין מאָל אין אָנבליק פון דער געמיינקייט, פעלשונגען און דער ווילדער העצע קעגן ישראל און יידן מצד די, וואָס שטרעבן מכלומרשט אויפצושטעלן אַ פּאָרגעשריטענע, סאָציאַליסטישע אָרדענונג.

אין דער זעקסטאָגיקער מלחמה איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די ישראל־כוחות אין סיני אַ מבול פון אַנטיסעמיטישער ליטעראַטור, וועלכע יעדער מצרישער אָפיציר און סאָלדאַט איז מחויב צו לייענען. אַ תנאי פאַר אָנגענומען צו ווערן אין אַ מיליטערישער שול, אָדער פאַר באַקומען אַ העכערן ראַנג — איז דאָס זיין באַהאַוונט מיט דער אַנטי־ישראלדיקער תורה. אויך אין רמת הגולן האָט מען געפינען פאָפּולערע, אַנטי־ישראלדיקע ליטעראַטור, ווי אויך לערן־ביכלעך פאַר לייענען און שרייבן פול מיט אַנטי־ישראלדיקע קאַריקאַטורן און צייכענונגען.

ווער עס וויל באַקומען אַ ברייטערן באַגריף וועגן דעם כאַראַקטער פון דער דאָזיקער שמוציקער, פאַרסמטער ליטעראַטור, רעקאָמענדירן מיר צו לייענען דאָס בוך פון בריגאַדיר יהושפט הרכבי א. נ. „ווי אַזוי האָט מען אויפגעקלערט די אַראַבישע שטעלונג קעגן ישראל אין דעם מצרישן מיליטער" דערשינען אין יאָר 1967, פון וועלכן עס זענען אַרויסגענומען געוואָרן די אויבנדערמאָנטע ציטאַטן.

## אַוואַנטוריזם, וואָס פירט צו בלוטיקע מלחמות

דאָס איז דער אמתער פּרצוף־פּנים פון דעם „אַראַבישן נאַסעריסטישן און „בעת"ישן סאָציאַליזם". די חלוקי־דעות צווישן זיי זענען, בדרך כלל, וועגן דער בכורה־רעכט פון דעם „אַראַביזם" אין זייערע פּראָגראַמען. דאָס איז אַ שאָוויניס־טישער אַנטי־דעמאָקראַטישער פּרצוף־פּנים געמישט מיט קלעריקאַלן, רעאַק־ציאָנערן פאַנאַטיזם, נישט געקוקט דערויף, וואָס כמעט יעדעס צווייטע וואָרט אין רעדעס און אין שריפט איז: „רעוואָלוציע", „רעוואָלוציאָנער", „פרייהייט" אד"גל. פּאַקטיש האַנדלען די דאָזיקע „סאָציאַליסטן" לויט דעם לאָזונג: „ווער עס איז נישט מיט אונדז — איז קעגן אונדז". נישט נאָר די אומאויפהערלעכע מלחמה קעגן ישראל, וועמענס הויפּט־ציל איז צו געווינען די אַראַבער פאַר דער מצרישער העגעמאָניע אָדער איינפלוס, נאָר אויך די אַגענטן און די אונטער־גראַב־אַרבעט אין די אַראַבישע לענדער גופא, וואָס ווילן זיך נישט אונטער־וואַרפן דעם מצרישן דיקטאַט באַשטעטיקן דעם אמת פון דער אויבנדערמאַנטער פעסטשטעלונג.

אויב דער דורכפאַל פון דער מצריש־סירישער פאַראייניקונג האָט באַוויזן קאַהיר און דמשק וואָס פאַר אַ האַפט און סוף עס האָבן פאַנאַראַבישע אוטאָ־פּיסטישע און רעאַקציאָנערע לאָזונגען, ווי למשל, „אַ פאַראייניקונג פון דעם פּערסישן איינגוס ביז דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן", ווען מען פּרוווט זי פאַרווירק־לעכן אויף אַן אימפּראָוויזירטן און איבערגעאײַלטן אופן, ווי די פאַראייניקונג פון מצרים־סיריע אין יאָר 1958 — דאַן האָט די מלחמה אין יעמען אַראָפּגעריסן דעם שלייער פון דער מכלומרשטער, אַראַבישער פאַרברידערונג און קלאָר אויפגעדעקט די ברוטאַלע עקספּאַנסיע־פּאָליטיק פון די פירער פון דעם „אַראַבישן סאָציאַליזם" אין קאַהיר.

מען האָט נאָך געקענט פאַרשטיין דעם מיליטערישן אַריינמאַרש פון מצרים אין יעמען, ווען ער איז געקומען אַלס ענטפער אויף דעם רוף פון די רעפּובלי־קאַנער אין זייער קאַמף קעגן דעם פינצטערן, מיטלאַלטערלעכן רעזשים פון דעם אימאַם אין סעפּטעמבער 1962. אָבער די, וואָס זענען געקומען העלפן, האָבן זיך שנעל באַזעצט אויף די בערג און טאָלן פון יעמען און געוואָרן די בעלי־בתים פון לאַנד, צווינגנדיק זייערע גאַסטגעבער זיך אונטערוואַרפן זייערע באַפעלן. די „אַראַבישע סאָציאַליסטן", וועלכע הערן נישט אויף צו רעדן וועגן דער נויט פון די אונטערדריקטע און באַרויבטע, האָבן באָמבאַרדירט אָרעמע, יעמענישע דערפער און דערשטיקט מיט גאַזן קינדער, פרויען און מענער. די דאָזיקע „סאָציאַליסטן" האָבן פאַר זיך געהאַט איין ציל: צו פאַרוואַנדלען יעמען אין אַ סטראַטעגישע באַזע פאַר דער דעראָבערונג פון די נאַפט־פעלדער פון סעוד־אַראַביע און די מדינות פון דעם פּערסישן איינגוס.

דאָס מצרישע פאָלק, וועמען די „רעוואָלוציאָנערע" פירער האָבן צוגעזאָגט פון זינט 1952, אַ בכבודיקן, רויקן לעבן — איז גאָר געצווונגען געוואָרן צו פאַרגיסן זיין בלוט און זיך פייניקן אין באַדינגונגען פון אַ מאָדערנער מלחמה צוליב דער אַוואַנטוריסטישער, פאַרכאַפּערישער פּאָליטיק פון זיינע אומפּאַראַנט־וואָרטלעכע, פאַרפירערישע הערשער. די מלחמה אין יעמען איז געווען די צווייטע, וואָס נאַסער דער „סאָציאַליסט" האָט אויפגעצווינגען אויף דעם מצרישן פאָלק. די ערשטע איז געווען אין סיני אין יאָר 1956, וואָס אויך פאַר איר טראָגט די פולע אחריות דער מיליטאַריסטישער, אַגרעסיווער רעזשים פון נאַסער.

## פון פאַרשקלאַפונג צו פאַרשקלאַפונג

דער גרעסטער טייל פונעם מצרישן בודזשעט ווערט אויסגעגעבן פאַר מיליטערישע קריגס־צוועקן. עס איז, דעריבער, נישט קיין ווונדער, וואָס דער פויער און אַרבעטער און בכלל די ברייטע פאָלקס־מאַסן לעבן ווייטער אין באַדינגונגען פון נויט און עלנט. פרייהייט, סוווערעניטעט און אומאָפּהענגיקייט זענען געווען פוסטע מליצות, ווייל קאַהיר (אויך דאָס „בעתישע" דמשק) געפינט זיך איצט אין אַזאַ מאָס אָפּהענגיק פון דער סאָוויעטישער גרוסמאַכט, אַז זי האָט נישט געקענט אויסדריקן אַ שלעכט וואָרט וועגן דער סאָוויעטישער אינוואַזיע קיין טשעכאָסלאָוואַקיע.

מצרים, וואָס האָט אין משך פון העכער 80 יאָר געקעמפט קעגן דער בריטישער אָקופּאַציע, און עס זענען סך־הכל אַריבער 13—14 יאָר, אַז דער לעצטער בריטישער סאָלדאַט האָט פאַרלאָזט איר ערד, די דאָזיקע מצרים האָט נישט נאָר געמוזט פאַרשווייגן דעם ענין פון דער סאָוויעטישער אינוואַזיע קיין טשעכאָסלאָוואַקיע, נאָר געמוזט אַפילו איר באַרעכטיקן. די צייטונג „אַ־טליעה" („דער פּיאָנער"), רעדאַגירט דורך קאָמוניסטן און געוועזענע קאָמוניסטן, האָט פאַרעפנטלעכט דעם 31סטן אָקטאָבער 1968 אַן אַרטיקל, וואָס באַרעכטיקט די סאָוויעטישע אינוואַזיע קיין טשעכאָסלאָוואַקיע. אָט דאָס איז דער פּרייז, זייער אַ הויכער פּרייז לגבי אַ מדינה, וואָס דער שאָטן פון אייראָפּעישן אימפּעריאַליזם איז נאָך נישט פאַרשוווּנדן פון די אויגן פון אירע איינוווינער — וועלכן עס באַצאָלט די אַוואַנטוריסטישע, נאַסערישע פּאָליטיק.

## אַ קליינע פאַרבעסערונג — אין אַ ים פון נויט און עקספּלאָאַטאַציע

עמיצער קען זאָגן: דאָך האָבן די „אַראַבישע סאָציאַליסטן" געטאָן עפּעס גוטס לטובת די אַרבעטנדיקע מאַסן? עס האָט זיך דאָך עפּעס געענדערט לטובה

עקאָנאָמיש, געזעלשאַפטלעך און קולטורעל? איידער מיר ועלן ענטפערן אויף די דאָזיקע פראַגן, ווילן מיר זאָגן, אַז אַפילו ווען דאָס וואָלט געווען אמת, ד. ה. אַפילו דאַן, ווען דער מאַטעריעלער און קולטורעלער מצב פון די מאַסן אונטער דעם „סאָציאַליסטיש אַראַבישן" רעזשים וואָלט געווען אַ בעסערער אין פאַרגלייך מיט דעם פריערדיקן, וואָלטן מיר אויך אין אַזאַ פאַל געווען קעגן אַ רעזשים פון טיראַניע און מלחמה־גיריקייט. צום באַדויערן, אָבער, באַווייזן די פאַקטן, אַז נישט נאָר דער מצב האָט זיך נישט פאַרבעסערט, נאָר ער האָט זיך גאָר אַפילו פאַרערגערט. באַזונדערס איז דאָס ריכטיק לגבי מצרים, וואָס ליידט פון אַן איבער־פלוס פון דער באַפעלקערונג און פון אַ צוווּקס פון ¾ מיליאָן נפשות יעדעס יאָר. אגב, לגבי דעם דאָזיקן שווערן פּראָבלעם באַציט זיך דאָס „רעוואָלוציאָנערע" מצרים מיט אַן אומפאַרציילעכן אָפּאָרטוניזם. נאַסער האָט געשלאָסן אַ נישט אָפיציעלן בונד מיט די פאַנאַטישע קלעריקאַלן, וואָס שטיצן זיין „אַראַבישן סאָציאַליזם" פאַר דעם פּרייז פון נישט פאַרבאָטן פּאָליגאַמיע אין מצרים, וואָס דינט אַלס מקור סיי פון אַ צוגאָבלעכן וווּקס פון דער באַפעלקערונג און סיי פון שווערע קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען אין דער מדינה.

מוסטאַפאַ קאַמאַל (אַטאַ טורק) האָט אין דער רעוואָלוציאָנערע תקופה אין די 20—30קער יאָרן געוואַגט אין דער מוזולמענישער טערקיי צו פאַרבאָטן פּאָלי־גאַמיע און אָפּטיילן רעליגיע פון דער מדינה. אָבער נאַסער, הגם ער אַליין איז אַ מאָנאָגאַמיסט, האָט מורא אָנצורירן די טראַדיציע וואָס דערלויבט (הגם איז נישט מחייב) צו האָבן 4 פרויען. ווי באַוווּסט איז די פּראָפּאַגאַנדע פאַר באַנוצן פאַרמייד־מיטלען דורכגעפאַלן.

אמת, נאַסערן איז געלונגען צו מאַכן אַ סוף צו דער פאַרדאָרבענער, פּאַראַ־זיטישער מאָנאַרכיע און ברעכן דעם פּאָליטישן כוח פון די פעאָדאַלן דורך קאָנ־פיסקירן זייער ערד און באַזיץ. ער האָט אָבער דערפאַר באַצאָלט אַ טייערן פּרייז: ער האָט פולשטענדיק פאַרניכטעט די דעמאָקראַטיע אין לאַנד, אַפילו דאָס ביסעלע דעמאָקראַטיע, וואָס האָט עקזיסטירט אין די צייטן פון דער מאָנאַרכיע. ער האָט ליקווידירט די פאַרטייען און איבערגעלאָזט נאָר איין פאַרטיי — די הערשנדיקע פאַרטיי — „די סאָציאַליסטישע פאַראייניקונג".

די רעגירונג פון דעם „אַראַבישן סאָציאַליזם" האָט איינגעפירט, וואָס אַן אמת, אומזיסטע בילדונג פון דער פאָלקס־שול ביז דעם אוניווערזיטעט און זי האָט דורכדעם פאַרקלענערט די צאָל אַנאַלפאַבעטן, אָבער דאָס איז ווי אַ טראָפּן אין ים. מען וואָלט געקענט פיל מער דערגרייכן אויף אָט דעם געביט, ווען נישט די פּאָליטיק פון אַגרעסיע און מיליטאַריזם און די פאַרשווענדערישע אויסגאַבן אויף אַ אָנגעבלאָזענעם פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט.

אין דאָרף, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם רוב מנין און רוב בנין פון דער מצרישער באַפעלקערונג, הערשט אַ מצב פון נויט און עלנט פונקט ווי פריער.

עס איז אַפילו ערגער געוואָרן. די יערלעכע הכנסה פון די פויערים וואָס האָט אויס־געמאַכט ביז צו דער איבערקערעניש — 20 מצרישע פונט, איז סך־הכל געשטיגן מיט 35—40 פּראָצענט, אַזוי, אַז זיי געפינען זיך אויף איצט אין אַ לאַגע פון אַ שרעקלעכער אָרעמקייט. די אַגראַר־רעפאָרם האָט צוגעטיילט ערד נאָר צו אַ קליינעם פּראָצענט פויערים. די איבעריקע מוזן ווייטער דינגען ערד ביי די, ביי וועלכע די רעפאָרם האָט איבערגעלאָזט 500 דונאַם פאַר אַ משפחה. דער רעפאָרם־געזעץ האָט איבערגעלאָזט אין דאָרף אַ שיכט פון בעלי־גוף. צוליב דער רעפאָרם האָט זיך אויף פאַרקלענערט דער שטח צום פאַרדינגען, אין דער צייט, ווען דער וווּקס פון דער באַפעלקערונג פאַרגרעסערט דווקא די נאָכפראַגע אויף דינגען באָדן. עס איז כדאַי אונטערצושטרייכן, אַז צוליב דעם וווּקס פון דער באַפעלקערונג האָט דער באַאַרבעטער שטח זיך פאַרקלענערט אין די יאָרן 1947—60 אויף אַ ¼ כמעט! 80% פּראָצענט פון די פויערים באַזיצן נאָר איין פעדאַן (5 דונאַם), 25% ביז 5 פעדאַן און 5% ביז 50 פעדאַן.

די אינדוסטריאַליזירונג פון לאַנד האָט צו פאַרצייכענען אַ באַשטימטן פאָר־שריט. זי ווערט געמאַכט אויפן חשבון פון דעם קאָנפיסקירטן באַזיץ פון די מינ־דערהייטן (יידן און אַנדערע). כדי צוצואיילן דעם טעמפּאָ פון דער אינדוסטריאַ־ליזאַציע דערלויבט דער „אַראַבישער סאָציאַליזם" דעם פריוואַטן סעקטאָר אויפ־צושטעלן אונטערנעמונגען. כדי צו באַרעכטיקן אַזאַ זאַך פון אידעאָלאָגישן שטאַנד־פונקט, האָבן די אידעאָלאָגן פון קאַהיר אויסגעפינען דעם באַגריף „נאַציאָנאַלע בורזשואַזיע". צוליב דעם פאַרבאָט פון שטרייקן, ווערן די אַרבעטער שרעקלעך אויסגענוצט דורך דעם פריוואַטן קאַפּיטאַל. נאָר אַ קליינע צאָל פון די לוין־אַרבעטער, די וואָס אַרבעטן אין גרויסע אונטערנעמונגען אָדער אין דער מלוכה־ווירטשאַפט, באַקומען אַ געצאָלטן רו־טאָג אין דער וואָך, 2 טעג — ווערן נאָר האַלב באַצאָלט. לויט דעם געזעץ דאַרף מען נאָר אַרבעטן 8 שעה אַ טאָג און אין אַ טייל פון די מלוכה־אונטערנעמונגען — 7 שעה. אָט די אַלע סאָציאַלע רעכט, איינגעשלאָסן 21 טעג יערלעכער אורלויב (נאָך 10 יאָר פון אַרבעט) און סאָציאַלע פאַרזיכערונג זענען חל נאָר לגבי אַרבעטער, וואָס ווערן באַשעפטיקט אין מלוכה־אונטערנעמונגען אָדער אין גרויסע פריוואַטע אונטערנעמונגען. אין דער פּריוואַטער קליין־אינדוסטרי, אָבער, הערשן ווייטער ווילקירלעכע, אַרבעט־באַדינגונגען.

אויף דער אָנקלאַגע פון אַרבעטער, הלמאַי, זיי באַקומען נישט אַפילו קיין מינימום־לוין אין דעם פריוואַטן סעקטאָר, האָט דער אַרבעט־מיניסטער געענטפערט אין יאָר 1964 קורץ און קלאָר: „עס זענען פאַראַן פריוואַטע אונטערנעמונגען, וואָס קענען זיך נישט דערלויבן אַזאַ זאַך". עס איז כדאַי צו וויסן, אַז אַזאַ נישטיקער לוין איז איינגעפירט אין דעם גרעסטן טייל פון די פריוואַטע, מיטעלע און קלענערע אונטערנעמונגען.

אין משך פון די לעצטע יאָרן האָט זיך דער מצב נישט פאַרבעסערט, נאָר פאַרערגערט. ווי שוין געזאָגט, איז דערין שולדיק אַ חוץ דער וווּקס פון דער באַפעלקערונג — די מיליטאַריסטישע און אַגרעסיווע פּאָליטיק פון דעם „אַראַבישן סאָציאַליזם".

די פּאָליטיק פון בויען אַן אַגרעסיווע, מיליטערישע קראַפט, פון באַהערשן אַראַבישע און מוזולמענישע לענדער אין אַזיע און אַפריקע, צוזאַמען מיט דער אַוואַנטורע אין יעמען און דער זעקסטאָגיקער מלחמה מיט ישראל — זי איז דער מקור פון די פאַרברעכנס פון דעם דאָזיקן רעזשים. דער מעכטיקער פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט, ווי למשל, ראַדיאָ און טעלעוויזיע, וואָס איז דער דריטער לויט זיין גרויס אין דער וועלט נאָך רוסלאַנד און אַמעריקע — קאָסט אָפּ ריזיקע סומען געלט. ווי אַזוי קען, בכן, דער „אַראַבישער סאָציאַליזם" זאָרגן פאַר דער פאַרבעסערונג פון דעם מצב פון די אָרעמע מאַסן, פאַר דעם אויסראָט פון קראַנקהייטן און עם־הארצות, בויען שולן און קראַנקן־הייזער, בעת ער גיט אויס דאָס גאַנצע געלט כמעט פאַר מיליטערישע צוועקן? די אָפיצירן, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן צו פאַרנעמען זיך מיט די ענינים פון די אַרבעטער, טראָגן זיך אַרום מיט אַ געפיל פון נאַציאָנאַלער, מצרישער גאווה און אָנשטאָט צו העלפן די אינטערעסן פון דעם אַרבעטער זאָרגן זיי גיכער פאַר זייערע אייגענע באַדערפענישן און ווערן רייך אויפן חשבון פון דער מדינה.

מען קען פאַרשטיין (אָבער נישט באַרעכטיקן) דעם פאַקט, וואָס אינערלעך־פאַרשקלאַפטע קאָמוניסטן, באַגייסטערן זיך פון נאַסערס רעזשים און זיין קליקע. אָבער, עס איז שווער צו פאַרשטיין נישט־קאָמוניסטן, וואָס באַציען זיך פּאָזיטיוו צו דעם „אַראַבישן סאָציאַליזם" און זיינע פאַרשטייער. נאָר אַ מענטש, וואָס ווייסט נישט, אָדער וויל נישט וויסן די טעאָריע און פּראַקטיק פון די דאָזיקע „סאָציאַליסטן" איז פעיק צו פאַרמאַכן די אויגן און נישט זען די טיראַניע, די דערשטיקונג פון יעדן סימן פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע, דעם קיום פון אַ גרויזאַמער געהיים־פּאָליציי, די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און אַרעסט־הייזער, דעם מיליטאַריזם און באַהערשערישע געלוסטן אונטער דער מאַסקע פון אַ „פּאַנאַראַבישן באַוווּסטזיין", דאָס אונטערוואַרפן זיך אַ מזרח־אייראָפּעישער, אַנטיסעמיטישער גרויסמאַכט און דעם אומגעשטילטן דורשט צו פאַרניכטן ישראל מיט וועלכע עס אָטעמט דער „אַראַבישער סאָציאַליזם" אונטער דער אָנפירונג פון אַבדול נאַסער און זיין קליקע.

יצחק מאור

# צום מהות פון מדינת ישראל

אין אונדזער דינאַמישער תקופה, אין וועלכער די פּאָליטישע געשעענישן אַנטוויקלען זיך מיט אַ קאָפּפאַרדרייערישער געשווינדקייט איז כמעט אוממעגלעך צו באַשרייבן דעם מהות, דעם קולטור־גייסטיקן און געזעלשאַפטלעכן אויסזען פון מדינת ישראל אַלס אַ סטאַבילע פעסטע דערשיינונג, ווייל דאָס דינאַמישע אין מדינת ישראל שטייגט ווייט אַריבער דאָס סטאַטישע. מדינת ישראל איז נישט ווי אַלע אַנדערע מדינות, גלייך ווי דאָס יידישע פאָלק איז נישט ווי אַלע אַנדערע פעלקער. אונדזער מדינה איז אַ ציוניסטישע מדינה ד. ה. אַ מדינה, וועמענס וויכ־טיקסטער ציל און צענטראַלסטע אויפגאַבע זענען: קיבוץ גלויות און זייער צוזאַמענגוס אין איין פאַראייניקט פאָלק לויט זיין שפּראַך, קולטור און נאַציאָ־נאַל־היסטאָרישן וועג. די מדינה איז אַנטשטאַנען און עקזיסטירט נישט נאָר פאַר די יידן, וועלכע לעבן שוין אין איר און פאַר זייערע קינדער נאָר פאַר דעם גאַנצן יידישן פאָלק, ווו ער זאָל זיך נישט געפינען. דער „חוק השבות" (דאָס געזעץ פון אומקער) לויט וועלכן יעדער ייד האָט דאָס רעכט עולה צו זיין קיין ישראל אַלס איר בירגער דריקט אויס קאָנסטיטוציאָנעל אָט דעם אייגנ־אַרטיקן מהות פון מדינת ישראל.

## מדינת ישראל אַלס ציל און מיטל

אין אַלגעמיין האַלטן מיר נישט די מדינה אַלס אַ זעלבסטציל, ווייל זי איז דאָך נישט מער ווי אַ געוויסע פאָרעם פון דעם לעבן פון אַן אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט; די מענטשלעכע געזעלשאַפט, ווידער, האַלט זיך אין איין ענדערן אין דעם פּראָצעס פון איר געשיכטלעכער אַנטוויקלונג אין איינקלאַנג מיט דער געגעבענער תקופה, אירע באַדינגונגען, באַגריפן, אידעען, מנהגים, אמונות אאַז״וו, כדי קלאָרער מאַכן אָט דעם געדאַנק לאָמיר אים אויסדריקן גאַנץ פשוט: נישט דאָס פאָלק פאַר דער מדינה, נאָר די מדינה פאַרן פאָלק. אויב די פאָרמולע איז ריכטיק לגבי אַ מדינה בכלל, איז זי אַוודאי און אַוודאי ריכטיק לגבי מדינת ישראל. די יידישע באַפעלקערונג אין ישראל ציילט איצט קרוב צו 2½ מיליאָן נפשות, ד.ה. 20% פון דעם יידישן פאָלק אין דער וועלט. די אַנטשיידנדיקע

מערהייט פון דער יידישער נאַציע לעבט, בכן, אין די גלות־לענדער און דער פראַצעס פון שיבת־ציון געפינט זיך נאָך אַלץ אין זיינע ערשטע עטאַפּן. מיט איר גאַנצער חשיבות און וואָג פאַר דעם גאַנצן יידישן פאָלק אין זיין צע־שפּרייטקייט, פאַר זיין קעגנוואַרט און צוקונפט האָט דאָך מדינת ישראל ביז איצט נישט געבראַכט די פולע גאולה פאַר דעם יידישן פאָלק; זי שטעלט מיט זיך פאַר לעת־עתה נאָר די אתחלתא דגאולה, וואָס איז פול מיט שווערע גאולה־ווייען. בקיצור: מדינת ישראל אין איר איצטיקן מצב איז נישט דער ענדציל פון ציוניזם נאָר אַ מיטל פאַר איר פאַרווירקלעכונג, אמת, אַ זייער וויכטיק און ווערטפול מיטל, אַזוי אַז מען קען אים לייכט פאַרטוישן אין אַ ציל.

זעענדיק מדינת ישראל ווי אַ מיטל פאַר דעם הויפּטציל — קיבוץ גלויות און זייער צונויפגוס אין איין איינהייטלעך פאָלק, זעען מיר נישט געניגט צו פאַרמינערן, אויף כהוא זה, איר חשיבות און באַדייט. די, וועלכע מיינען, אַז אין לעבן פון אַ מענטש אָדער פון אַ פאָלק קען מען פּינקטלעך באַשטימען שייד־ליניעס און געדאַנקען צווישן ציל און מיטלען — האָבן אַ גרויסן טעות. די פאַלשע תורה פון ניקאָלאָ מאַקיאַוועלי און די יעזויטן וועגן דעם אַז דער ציל באַרעכטיקט די מיטלען האָט געבראַכט נישט ווייניק אומגליקן אויף פעלקער און אויף דער גאַנצער מענטשהייט. אייגנטלעך איז יעדער ציל אַ מיטל צו דערגרייכן אַן אַנדערן, ווייטערדיקן ציל; און יעדער מיטל, אַזוי לאַנג ווי ער איז נישט אָנגעווענדעט געוואָרן, איז אויך אַ ציל. יעדע טעטיקייט פון אַ מענטש (אָדער אַ פאָלק) זיין שאַפונג און לעבנס־וועג, דער קאַמף פאַר זיין קיום און צוקונפט — זיי אַלע בילדן איין לאַנגע און אומצערייסבאַרע קייט פון צילן און מיטלען, וואָס זענען געבונדן און געפלאָכטן צווישן זיך ווי רינגען, דעריבער איז נויטיק אַ פולע האַרמאָניע צווישן די מיטלען און דעם ציל, ווייל אַנדערש מוז דער ציל גופא באַשעדיקט ווערן נאָך איידער ער ווערט דערגרייכט.

דער באַקאַנטער רוסישער פילאָזאָף וועלכער האָט געלעבט אין דער צווייטער העלפט פון דעם 19טן יאָרהונדערט, וולאַדימיר סאָבאָליעוו (אַ גרויסער פריינד פון יידן און אַ פאַרערער פון יידנטום) האָט געגעבן דעם דאָזיקן געדאַנק אַ ריכטיקע און טרעפלעכע באַצייכענונג: ער האָט געזאָגט אַז „דער ציל דרינגט אַרויס פון די מיטלען, פּונקט ווי דער רעזולטאַט פון דער סיבה". אַ סתירה צווישן זיי איז, בכן, אוממעגלעך פון אַ לאָגישן און אָרגאַנישן שטאַנדפּונקט.

דער קלאַסישער ציוניזם האָט אין אַ יידישער מדינה געזען דעם ענדציל פון דער באַוועגונג, ווייל מען האָט געמיינט אַז קיבוץ־גלויות און די קאָלאָניזאַציע פון די וויסטעניש פון לאַנד וועלן אַדורכגעפירט ווערן נאָך איידער די מדינה וועט אַנטשטיין. אָבער דעם גאַנג פון דער געשיכטע איז שווער צו פאַרשטיין און פאָרויסזען: עס זענען געקומען די שרעקלעכע געשעענישן פון דער ערשטער העלפט פון דעם איצטיקן יאָרהונדערט; עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע

וועלט־מלחמה מיט איר גרויל און חורבן, באַזונדערס, צווישן יידן און כמעט דאָס גאַנצע מזרח־אייראָפּעישע יידנטום איז אומגעקומען. אין לייק־סאַקסעס, ווו עס איז פאָרגעקומען די פּאַרזאַמלונג פון די פאַראייניקטע פעלקער האָט געהערשט אַ שעת־רצון און אין דעם 29סטן נאָוועמבער 1947 איז דאָרט אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס וועגן דעם רעכט פון דעם יידישן פאָלק אויפצושטעלן אין ארץ־ישראל זיין זעלבסטשטענדיקע מדינה. ה׳ באייר תש״ח (14טן מאַי 1948) איז אין תל־אביב פּראָקלאַמירט געוואָרן דער אויפקום פון מדינת ישראל בעת דער ציוניזם האָט נאָך נישט געהאַט אַדורכגעמאַכט אַפילו אַ העלפט פון זיין פאַרווירקלעכונגס־וועג.

אַ קורצע צייט פאַר דעם, ווי דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין באַזל (אויגוסט 1897) האָט הערצל געשריבן, אַז ציוניזם איז דאָס יידישע פאָלק אין וועג. שפּעטער האָט מען זיך אָנגעהויבן באַנוצן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג מיט דער לאָזונג: „דער ציוניזם איז די יידישע מדינה אין וועג״. איצט קענען מיר — דוכט זיך — זאָגן אַז מדינת ישראל אין איר איצטיקן עטאַפּ איז דער ציוניזם אין וועג, ווייל דער ציוניזם — וואָס אין אונדזער צייט מיינט נישט עפּעס אַנדערש ווי שיבת־ציון — געפינט זיך נאָך אין אַ פּראָצעס פון פאַרווירקלעכונג, וואָס קומט פאָר — אָביעקטיוו און סוביעקטיוו — אין נישט לייכטע און נישט באַקוועמע באַדינגונגען. אין דער צווייטער וועלט־מלחמה איז טאַקע געפאַלן דער רשע, אָבער עס האָט זיך נישט געענדיקט די רשעות. עס האָבן זיך נאָר געביטן אירע טרעגער. די שונאי־ישראל ווענדן אָן איצט לגבי אונדז, וואָס אַן אמת, אַ פּאַציפיסטישע אידעאָלאָגיע און אַ רעוואָלוציאָנערע פראַזעאָלאָגיע, אָבער, דער אינהאַלט און טענדענץ פון אַנטיסעמיטיזם האָבן זיך נישט געענדערט. אין אָט דער פּאָליטישער ווירקלעכקייט ווערט מדינת ישראל געבויט מיט ריזיקע אָנשטרענגונגען און טייערע קרבנות; ווערט פאָרמירט די נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע, גייסטיקע און מאָראַלישע געשטאַלט פון דער זיך שאַפנדיקער ישראלדיקער געזעלשאַפט; אין אָנבליק פון אָט דער פּאָליטישער ווירקלעכקייט דאַרפן מיר מאַכן אונדזער היסטאָרישן חשבון אַלס יידן און מענטשן, אַלס אַ נאַציאָנאַלער קאָלעקטיוו, וואָס בויט זיין מדינה נישט נאָר פאַר אירע בירגער נאָר פאַר אַלע טיילן און שבטים פון פאָלק, וואָס זענען צעשפּרייט צווישן די פעלקער און פאַר וועמענס אומקער און עליה מיר בעטן און האָפן.

## דאָס יידישע פאָלק און אַנדערע פעלקער

מיר האָבן שוין געזאָגט, אַז דאָס יידישע פאָלק איז נישט ווי אַלע אַנדערע פעלקער. זיין נאַציאָנאַל־היסטאָרישער וועג אונטערשיידט זיך, וועזנטלעך, פון

די וועגן פון אַנדערע פעלקער אין אַלע צייטן, דאָס הייסט, אָבער נישט אַז די געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק איז אָפּגעריסן פון די אַלגעמיינע היסטאָרישע פּאַסירונגען. יעדעס פאָלק האָט זיך זיין אייגנאַרט אין דער משפחה פון פעלקער און דאָך זענען זיי זיך קעגנזייטיק משפיע נישט נאָר פּאָליטיש נאָר אויך קול־טורעל און גייסטיק. אַפילו אונדזער פאָלק, וואָס איז איינציק מיט זיין גורל, מצב און היסטאָרישן וועג געפינט זיך נישט מחוץ פון פרעמדע השפּעות. אדרבא, יידן וואָס האָבן דורותלאַנג געלעבט און לעבן נאָך היינט צווישן פרעמדע פעלקער איז נישט אַנגעוועגדעט געוואָרן, איז אויך אַ ציל. יעדע טעטיקייט פון אַ מענטש זענען אויסגעשטעלט אויף דרויסנדיקע איינפלוסן אַפילו מער ווי פעלקער וואָס איר באַזונדערקייט, אַ טייל פון דער אַלגעמיינער געשיכטע. גלייכצייטיק דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן דער פאַקט, אַז הגם אין פאַרשידענע טיילן פון פאָלק, וואָס לעבן צווישן פרעמדע פעלקער איז קאָנטיק אַ דרויסנדיקע קולטור־גייסטיקע השפּעה, שטעלט דאָך דאָס יידישע פאָלק מיט זיך פאָר אַלס אַ קאָלעקטיווע פערזענלעכקייט, אַ באַזונדערע נאַציאָנאַל־היסטאָרישע דערשיינונג. דערפון האָט זיך געשאַפן אַ אויסגעשפּראָכענע היסטאָריש יידיש פּראָבלעם: „דאָס פּראָבלעם פון דעם יידישן פאָלק צווישן די פעלקער". דאָס פּראָבלעם עקזיסטירט און מען קען עס נישט סתם אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. עס איז געווען, עס איז דאָ און עס וועט זיין, ווייל צוזאַמען מיטן דערשיינען פון דעם יידישן פאָלק אויף דער געשיכטלעכער אַרענע איז אויך דערשינען דאָס יידישע פּראָבלעם און עס באַגלייט אים פון דעם אוראַלטער ביז דעם היינטיקן טאָג.

גלייך ביי דעם אָנקום פון די יידן אויף דער שוועל פון ארץ־ישראל נאָך יציאת־מצרים און די וואַנדערונגען אין דעם מדבר — האָט מען געזאָגט, אַז דאָס איז: „עם לבדד ישכון ובגויים לא יתחשב" (אַ פאָלק, וואָס וועט זיין איינזאַם און מיט די פעלקער וועט עס זיך נישט רעכענען). דער דאָזיקער זאָג האָט אויסגעדריקט אַן אָביעקטיוון מצב אין וועלכן דאָס יידישע פאָלק האָט זיך געפינען נישט נאָר אין דער אוראַלטער צייט נאָר אויך אין שפּעטערדיקע תקופות פון זיין לעבן אין גלות. דעם ערשטן טייל פון דעם פּסוק: „עם לבדד ישכון" האָט אייגנטלעך דאָס פאָלק אויפגענומען גאַנץ גערן און איז מיט דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אַפילו אין אַ וויכטיקן סוביעקטיוון פאַקטאָר. דאַקעגן האָט דאָס יידישע פאָלק קיינמאָל נישט משלים געווען מיט דעם צווייטן טייל פון דער פאָרמולע: „ובגויים לא יתחשב" און דער כסדרדיקער געראַנגל פון אונדזער פאָלק מיט דעם „זיך נישט רעכענען מיט די פעלקער" בילדעט אייגנטלעך דעם עיקר פון דעם פּראָבלעם: „דאָס יידישע פאָלק און די פעלקער".

אין מיטלאַלטער האָט דאָס יידישע פאָלק געלעבט אַליין און פאַראייגזאַמט אָביעקטיוו און סוביעקטיוו צוגלייך. מעגלעך, אַז אַ דאַנק דעם איז דאָס יידישע פאָלק געווען בכוח אָפּצוהיטן זיין גייסטיקע, נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע אייגנאַרט

אויף וויפל יידישער נאַציאָנאַליזם און יידישער רעליגיע זענען געווען צווישן זיך ענג געבונדן. צוליב היסטאָרישע ענדערונגען, אָבער, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין דער מייער צייט האָט זיך אויך דאָס יידישע לעבן שטאַרק געענדערט. עס זענען אַנטשטאַנען פיל יידישע ישובים און דאָס יידישע פאָלק איז געוואָרן ממש אַ וועלט־פאָלק, זייענדיק צעזייט און צעשפרייט צווישן די פאַרשידענע פעלקער פון דער וועלט. דער דאָזיקער מצב האָט געשאַפן אַ טראַגישע סתירה: אָביעקטיוו זענען די יידן געוואָרן אַ וועלט־פאָלק, אָבער, סוביעקטיוו איז עס ווייטער פאַרבליבן אין אַ צושטאַנד פון „עם לבדד ישכון". דער דור פון דער עמאַנסיפּאַציע האָט געוואָלט אָפּשאַפן אָט די סתירה דורך באַזייטיקן די מחיצה צווישן די יידן און די פעלקער אויך פון דעם סוביעקטיוון שטאַנדפּונקט.

אמת, אין דער נייער אייראָפּע זענען די יידן אויפגענומען געוואָרן אַלס גלייכע בירגער אָבער נאָר פאָרמעל און דרויסנדיק און נישט אינערלעך־געזעלשאַפטלעך. אויף דעם פּרווו פון דעם עמאַנסיפּאַציע־דור זיך אַריינצופּלעכטן אין דער געזעלשאַפט פון די פעלקער האָבן די לעצטע געענטפערט מיט אַ ראַסיסטישן אַנטיסעמיטיזם. אַפילו אויף דעם מאָדערנעם יידנטום האָט מען — אויף אַזאַ אופן — אויפגעצוווּנגען אַ מצב פון אַן „עם לבדד ישכון". אין די באַדינגונגען איז אויפגעקומען דער געדאַנק וועגן אויטאָ־עמאַנסיפּאַציע און ציוניזם אַלס דער יידישער, נאַציאָנאַלער, מאָדערנער באַנייונגס־וועג.

דאָס פּראָבלעם פון ישראל און די פעלקער איז נישט פאַרשוווּנדן אויך נאָך דעם אויפקום פון מדינת ישראל. פּונקט ווי די מדינה האָט נאָך נישט געלייזט די יידן־פראַגע, פּונקט אַזוי האָט זי נישט געלייזט דאָס פּראָבלעם פון דעם געראַנגל פון דעם יידישן פאָלק פאַר זיין קיום און גייסטיקער אייגנאַרט צווישן די פעלקער. עס באַשטייט נאָך די געפאַר פון נאָכמאַכן און צונישטווערן (אחד העם) אויב מיר וועלן נישט פאַרשטאַרקן אין דעם לעבן פון אונדזער פאָלק אין גלות און אין ישראל, אין דער דערציִונג פון דעם יונגען דור די גייסטיקע ווערטן פון דעם היסטאָרישן יידנטום. גלייכצייטיק דאַרפן מיר אָנהאַלטן באַציִונגען מיט אַנדערע פעלקער, נישט פּסלען זייערע גייסטיקע ווערטן נאָר זיי אויפנעמען און פאַרדייען אויף אַ וועג פון אויסוואַל און אויפן יסוד פון „נאָכמאַך אויס קאָנקורענץ", ווי אחד העם האָט דאָס באַצייכנט. ריכטיק, ישראל וועט נישט קענען קאָנקורירן מיט דער וועלט פון טעכנאָלאָגיע, אָבער מיר וועלן זיכער זיין מסוגל צו אַ קאָנקורענץ אויף דעם גייסטיקן געביט און אויפסניי אויפהויבן די פאָן פון יידישן גייסט קודם כל לטובת די יידן און אפשר אויך לטובת די פעלקער פון דער וועלט.

די היסטאָרישע ווערטן פון יידנטום זענען אַלגעמיין־מענטשלעכע ווערטן און איך האָב אַפילו די העזה צו זאָגן אַז זיי באַזיצן אַן אוניווערסאַלן כאַראַקטער. לאָמיר דאָ דערמאָנען נאָר אייניקע פון די דאָזיקע ווערטן: ליבע צום מענטש,

די אייניקייט פון דעם מענטשלעכן מין, פעלקער־פֿאַרברידערונג, אייביקער שלום, דער כבוד פון מענטש, די גלייכווערטיקייט פון מענטש, די גייסטיקע פרייהייט פון מענטש, די הייליקייט פון דעם מענטשלעכן לעבן און העכער פון אַלץ — דער געדאַנק, אַז דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן בצלם אלוהים און דערפון נעמט זיך זיין שטרעבן און בענקען צו אַ העכערער, איבערמענטשלעכר, גייס־טיקער וועלט. דאָס זענען בולטע יידישע היסטאָרישע ווערטן, וועלכע קענען זיין די ווערטן פון יעדן מענטש און פון יעדן פאָלק. מיטן כוח פון די דאָזיקע ווערטן וועט אויסגעלייזט ווערן דאָס יידישע פאָלק, דער יידישער מענטש און יעדער מענטש בכלל. די מענטשלעכע געזעלשאַפט ווי אויך, די זיך בויענדיקע ישראלדיקע געזעלשאַפט, נויטיקן זיך אין אַ גייסטיק עטישן אויפשטייג. די יידישע מחשבה טאָר, אָבער, נישט באַאיינפלוסט ווערן פון אַסימילאַטאָרישע טענדענצן און גייסטיקן שמד. וואָס מער אונדז וועט געלונגען צו דערציִען דעם יונגן דור אין גייסט פון די דאָזיקע ווערטן, אַלץ מער וועט פאַרטיפט ווערן זיין יידישער און אַלמענטשלעכער באַוווסטזיין און ער וועט זיין שטאָלץ מיט זיין יידישן אָפשטאַם. נאָר אויפן וועג פון אָפהיטן זיין נאַציאָנאַל־גייסטיקן אייגנאַרט וועט דער נייער ייד בייטראָגן זיין צושטייער צו דער מענטשלעכער קולטור.

## יידנטום און הומאַניזם

אין די לעצטע דורות, באַזונדערס, מיט דעם אויפקום פון דעם פּאָליטישן ציוניזם האָט מען אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אָנגעהויבן שטאַרקער אונטערשטרייכן דעם פּאָליטישן אַספּעקט פון דעם פּראָבלעם: יידן און די פעלקער. די טענדענץ איז געוואָרן — פאַרשטייט זיך — נאָך שטאַרקער נאָך דעם אַנטשטיין פון מדינת ישראל. געוויס דאַרף מען נישט פאַרהוילן דעם פּאָליטישן אַספּעקט פון דעם פּראָבלעם. אָבער, דוכט זיך, אַז אין יסוד, וועזנטלעך, איז דאָס פּראָבלעם ישראל און די פעלקער אַלס אַ יידיש־היסטאָרישע און אַלגעמיין־היסטאָרישע דערשיינונג קודם כל אַ גייסטיק פּראָבלעם; הגם אין פאַרשידענע תקופות אין איינקלאַנג מיט די באַדינגונגען פון דער צייט ווערן בולט אויך אירע אַנדערע אַספּעקטן, ווי למשל: אַ פּאָליטישער, אַ עקאָנאָמישער, אַ געזעלשאַפט־לעכער אאַז״וו. די מסקנה דערפון איז קלאָר: נישט דער פּרימאַט פון דעם פּאָליטישן יסוד נאָר דער פּרימאַט פון דעם גייסטיקן יסוד אַנטשפּרעכט דעם מהות פון יידישן פאָלק. מיט אַנדערע ווערטער: נישט דער גייסט דאַרף זיין די פונקציע פון דער פּאָליטיק נאָר פאַרקערט: די פּאָליטיק דאַרף זיין די פונקציע פון גייסט, ווי דער פאַרשטאָרבענער מאַרטין בובער האָט עס געהאַלטן. אַזוי ווי אין אונדזער צייט האָט אַ איבערגעטריבענע פּאָליטיזירונג פאַרכאַפּט דאָס לעבן פון פעלקער בכלל און פון ישראל בפרט, ליגט אויף אונדז דער חוב אויפצוהויבן אויפסניי

דעם כבוד פון דער יידישער, גייסטיקער קולטור. עס איז, אָבער, נישטאָ קיין קולטור אָן דער המשכדיקייט פון דער שאַפונג פון דורות. די דערציִערישע טעטיקייט אין מדינת ישראל דאַרף, בכן, זיך שטיצן אויף אַ פרוכטבאַרן סינטעז, וועלכן דער פאַרשטאָרבענער חיים גרינבערג האָט באַצייכנט אויף אַ זייער שניַידיקן און עלעגאַנטן אופן אַלס דעם סינטעז פון „ישראל סבא וישראל סברא״ די טענדענץ און ריכטונג אין דער אַרבעט פון דעם מיניסטעריום פאַר דערציִונג און קולטור אין ישראל אַנטשפּרעכן — בדרך כלל — דער דאָזיקער יסודותדיקער פאָדערונג.

פון דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק אין דעם פאַריקן יאָרהונדערט און פון די געשעענישן אין דעם איצטיקן יאָרהונדערט האָבן מיר געקענט לערנען, אַז וואָס מער יידישע „משכילים״ און „ליבעראַלן״ דערווייטערן זיך פון זייער פאָלק, וואָס מער זיי ווערן אָן זייער נאַציאָנאַלן שטאָלץ און וואָס מער זיי פאַרלייקענען זייער אייגענעם איך אַלץ שטאַרקער ווערט דאָס געפיל פון שׂנאה און ביטול צו זיי מצד די גויים. אַ מענטש (אָדער אַ פאָלק), וואָס באַזיצט נישט קיין געפיל פון זעלבסטווירדע וועט קיין מאָל נישט זוכה זיין אין אַ באַציִונג פון רעספּעקט מצד אַן אַנדערן מענטש (אָדער אַנדער פאָלק). די „פרייע״ און „ליבעראַלע״ יידן האָבן אַמאָל געזען אין דער תורה פון נאַציאָנאַלער ניוועלאַציע דעם וועג מכלומרשט צו „אַלמענטשלעכער״ דערהויבונג. ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט אויסזען — זענען אויך היינט פאַראַן קרייזן צווישן די יידישע ישובים אין די ווילזיין־לענדער, וועלכע האַלטן נאָך פון אָט דער פאַלשער, אָפּנאַרערישער תורה, נישט געקוקט דערויף, וואָס זי האָט באַנקראָטירט און זיך אַרויסגעוויזן אַלס גרונטלאָז, אומאַננעמבאַר און אילוזאָריש אין ליכט פון דער געשיכטלעכער, אַלגעמיינער און יידישער דערפאַרונג פון אונדזער תקופה. נאָך מער משונהדיק איז דער פאַקט, וואָס אויך אין מדינת ישראל געפינען זיך — אמת זייער ווייניק — חסידים פון דער דאָזיקער תורה, ווי למשל: „כנענים״, „שמיים״, „רק״חיסטן״ און נאָך אַנדערע יונגערע און עלטערע יידן, וואָס זענען אָנגעשטעקט מיט דער קראַנקייט פון „יידישער זעלבסט־שׂנאה״ — ווי עס האָט זיי באַצייכנט פּראָפעסאָר טעאָדאָר לעסינג (דערמאָרדעט דורך די נאַציס אין יאָר 1933). דער יידישער און מענטש־לעכער געפיל פון זעלבסטווירדע ביי די דאָזיקע יידן סיי אין חוץ־לארץ און הן אין ישראל איז שווער געטראָפן געוואָרן. אהבת־ישראל איז אין זייערע אויגן „שאָוויניזם״. אָבער דער נאַציאָנאַליזם פון אַנדערע פעלקער — אַפילו פון אַזעלכע פעלקער, וואָס פלעגן שׂנאה צו יידן אין זייערע לענדער און פאַרשפּרייטן איר אין דער וועלט — ווערט דורך זיי באַטראַכט ווי די העכסטע מדרגה פון פאָרשריט און אַלמענטשלעכן הומאַניזם.

די דאָזיקע תורה פון נאַציאָנאַלן ניהיליזם, אין וועלכן „מאָדערנע״ יידן פון אונדזער צייט זעען אַ הומאַנישע און פּראָגרעסיווע „נייע״ דערשיינונג איז

גאַרנישט אַזוי ניי. עס טראָגט זיך פון איר דווקא דער ריח פון אַן אַלטער, איבערגעלעבטער זאַך. נאָך מיט 70 יאָר צוריק האָט נחמן סירקין געזאָגט אין אַ ענטפער צו די חסידים פון דער דאָזיקער פאַלשער תורה: „דאָס יידישע פאָלק טראָגט מיט זיך תמיד דעם מענטשלעכן, פּראָגרעסיוון גייסט. מיט זיין עצם קיום שטעלט מיט זיך פאָר דאָס יידישע פאָלק די פרייהייט פון געוויסן, דעם פּראָטעסט קעגן רויב און אומרעכט און דעם קאַמף פאַר גערעכטיקייט. דעריבער איז דער אומקום פון יידן גלייכבאַדייטנדיק מיט דעם אומקום פון הומאַניזם".

## כוח און גייסט

יעדער אידעאַל איז אין זיין פאַרווירקלעכונג אַנדערש פון דעם אידעאַל גופא אין זיין ריינער און אָריגינעלער פאָרעם. דער פאַרווירקלעכונגס־וועג צום ציל רופט אַרויס נייע פּראָבלעמען און שוועריקייטן, וועלכע מען האָט פריער נישט פאָרויסגעזען. דער יידישער נאַציאָנאַלער געדאַנק בכלל און זיין ציוניס־טישע שאַטירונג בפרט, איז אַנטשטאַנען און זיך אַרויסאַנטוויקלט פון דער שטרעבונג צו שלום, צו שעפערישער אַרבעט און צו באַציִונגען פון פריינטשאַפט און ברידערלעכקייט מיט די שכנותדיקע פעלקער. לויט זיין גורל, היסטאָרישן וועג און נאַציאָנאַלן מהות — האָט דאָס יידישע פאָלק בלוטפאַרגיסונג, פאַר־אַכטעט ברוטאַלע קראַפט און עס איז אים דערווידער אַ לעבן אויף דער שווערד. פונדעסטוועגן זענען מיר איצט געצוווּנגען — פונקט ווי מיר זענען געווען געצוווּנגען אין פאַרשידענע פריִערדיקע תקופות — צו נעמען די שווערד אין אונדזערע הענט קעגן אונדזער ווילן, כדי מיר זאָלן זיך באַשיצן קעגן אונדזערע שונאים, וואָס ווילן אונדז אומברענגען. אמת, אויך מיר באַנוצן זיך מיט כוח, אָבער מיר דינען אים נישט ווי אַן אָפּגאָט און מיר טוען עס נאָר נאָך דעם, ווי עס איז נישטאָ קיין אַנדער ברירה און נאָך דעם ווי מיר באַטראַכטן די פראַגע אויך פון איר מאָראַלישן און גייסטיקן אַספּעקט. אונדזער הויפּט־כוח ליגט אין אונדזער גייסט אין קעגנזאַץ צו די, וואָס לעבן אויף דער שווערד. אָבער אויך ביי זיי באַגלייט דער גייסט דעם כוח, אָבער אין אַ פּונקט פאַרקערטן זין: ביי זיי איז דער גייסט דער משרת פון דעם ברוטאַלן, צעשטערערישן כוח אין דער צייט ווען ביי אונדז איז דער כוח דער משרת פון דעם שעפערישן און באַפרוכטנדיקן גייסט. אַלזאָ — נישט דער גייסט לטובת דעם כוח, נאָר דער כוח לטובת דעם גייסט — איז דער היסטאָרישער וועג פון דעם יידישן פאָלק. נעמט פון אונדז אַוועק דעם גייסט — און אונדזער כוח ברעכט זיך צוזאַמען. נעמט ביי זיי אַוועק דעם כוח — און זייער גייסט ווערט געבראָכן. אַ כוח, וואָס ווערט אָפּגעשוואַכט אָדער צעשטערט איז נאָך דאָ אַ האָפענונג אים ווידער אויפצושטעלן און פאַרשטאַרקן. אָבער דער גייסט, ווען ער פאַלט — פאַלט אַלץ מיט אים.

אויף אונדזער לאַנגן היסטאָרישן יסורים־וועג האָט נישט איינמאָל געטראָפן, אַז מיר האָבן פאַרלוירן אונדזער כוח, אָבער אַזוי לאַנג ווי דער גייסט לעבט אין אונדז — עקזיסטירט דאָס פאָלק און עס דינט ווי אַ היסטאָרישער לעבעדיקער עדות פון דעם אונטערגאַנג פון מעכטיקע אימפעריעס, וואָס האָבן פאַרלוירן זייער כוח... די מדינות, וואָס האָבן אונדז פיינט פירן אַ פּאָליטיק פון חיי־שעה; מיר דאַרפן פירן אַ פּאָליטיק, וואָס איז געבונדן — ווי אונדזער גורל — מיט „חיי־עולם". פון דאַנען נעמט זיך דער טראַגישער מצב פון ישראל צווישן די פעלקער.

שוין ביי אירע ערשטע טריט האָט מדינת ישראל אָפּגעשאָפט טויט־שטראָף, הגם מיר זענען אַרומגערינגלט מיט מדינות און פעלקער אין וועלכע די דאָזיקע שטראָף עקזיסטירט שוין פון לאַנג און מיר האָבן נישט געהערט אַפילו איין איינ־ציקע שטים, וואָס זאָל פאָדערן דאָס מבטל מאַכן פון דעם דאָזיקן געזעץ. מיר געפינען זיך די גאַנצע צייט אין אַ מצב פון מלחמה מיט שכנים, וואָס שיקן אונדז רוצחים און טעראָריסטן מיטן ציל צו זייען מאָרד און חורבן אין ישראל און פונדעסטוועגן האָט די רעגירונג פון ישראל נישט פאָרגעשלאָגן איינצופירן אויפסניי טויט־שטראָף, אַפילו, לגבי סאַבאָטאַזשניקעס און מערדער, ווייל אונדזער פּאָליטיק שטיצט זיך אויף די פּרינציפּן פון „חיי־עולם".

## די זעקס־טאָגיקע מלחמה און דער מהות פון צה"ל

ווער נאָר עס האָט איבערגעלעבט די טעג פון סוף מאַי און אָנהויב יוני 1967, וועט נישט קענען לייכט פאַרגעסן דעם זעלטענעם גייסט פון אחדות און גורל־געמיינזאַמקייט, וואָס האָט באַהערשט די יידן אין ישראל ערב דער מלחמה און אין משך פון אירע זעקס טעג. אַזאַ סגולה פאַר נאַציאָנאַלער איינִיקייט און געזעלשאַפטלעך־מאָראַלישער דערהויבונג, וואָס עס האָט אַרויסגעוויזן דאָס פאָלק אין ישראל, אַלט און יונג, איז נישט קיין אָפּטע דערשיינונג ביי אַנדערע פעלקער. עס איז, דעריבער, אַ גרויסער זכות פאַר אונדזער דור, וואָס עס איז אים באַשערט געווען צו זען אונדזער פאָלק אין אַזאַ וווּנדערלעכן מצב. מען האָט געקענט מיט אַ פול מויל און גאַנץ האַרץ באַשטעטיקן די ריכטיקייט פון די ווערטער פון נעים־זמירות־ישראל: אשרי העם שככה לו... (גליקלעך איז דאָס פאָלק, וואָס האָט דערצו דערלעבט).

עס איז נישט קיין סוד, אַז מיר האָבן נישט געוואָלט קיין מלחמה. אַפילו אויסגעשפּראָכענע שונאים פון ישראל, וואָס באַשולדיקן — גלייך ווי די אַראַבער — ישראל אין אַגרעסיע און עקספּאַנסיע, ווייסן ביי זיך, אַז דאָס איז אַ בייזוויליקער ליגן. די מלחמה איז אויפגעצוווּנגען געוואָרן אויף ישראל און אונדזער זעלישע גרייטקייט אַנטקעגנצושטעלן זיך דעם מעכטיקן שונא האָט זיך גענומען פון

אונדזער קלאָרער איבערצייגונג, אַז דער פּערזענלעכער גורל פון יעדן איינעם איז פאַרבונדן מיט אָט דער מלחמה. צוליב דעם איז דאָס גאַנצע פאָלק אויפ־געשטאַנען ווי איין מענטש, כדי זיך צו באַשיצן און אויף אַזאַ אופן איז דער אינטערעס פון דעם יידישן פאָלק און פון מדינת ישראל געוואָרן אַ פּערזענלעכע זאַך פון יעדן ייד.

דאָס, וואָס מיר האָבן אויבן געזאָגט, וועגן די יסודות פון כוח און גייסט אין דער היסטאָריש־נאַציאָנאַלער אויפפאַסונג פון דעם יידישן פאָלק איז נישט נאָר חל אויף די פריערדיקע תקופות אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק, נאָר דאָס איז גילטיק אויך לגבי אונדזער דור און אונדזער צייט. די זעקסטאָגיקע מלחמה באַווייזט דאָס זייער גוט. מיר האָבן געזאָגט: מדינת ישראל איז נישט ווי אַלע אַנדערע מדינות, פּונקט ווי דאָס יידישע פאָלק איז נישט ווי אַלע אַנדערע פעלקער. דערביי דאַרפן מיר צוגעבן: צה״ל איז נישט ווי אַלע אַנדערע אַרמייען. דער אייגנאַרט פון צה״ל האָט באַקומען זיין בולטן, אויסערלעכן אויסדרוק אין דעם דערטיילן דורך דעם ירושלימער אוניווערזיטעט דעם טיטל פון ערן־דאָקטאָר פאַר פילאָזאָפיע דעם גענעראַל־שעף פון צה״ל רב־אלוף יצחק רבין, אַלס צייכן פון פאַרערונג פאַר דער מוסטערהאַפטער גבורה פון צה״ל אין דער זעקסטאָגיקער מלחמה. ביי דער געלעגנהייט פון באַקומען דעם דאָקטאָראַט, כ׳ סיוון תשכ״ז (28 יוני 1967) אויף דעם הר הצופים, האָט דער גענעראַל־שעף געהאַלטן אַ רעדע, וואָס דאַרף פאַרשריבן ווערן אַלס אויטענטישער דאָקומענט וועגן דעם מהות פון צה״ל, וואָס איז אַן אָרגאַנישער טייל פון מדינת ישראל. אין דער רעדע האָט דער גענעראַל־שעף יצחק רבין צווישן אַנדערן געזאָגט:

„איך זע זיך דאָ אַלס דער פאָרשטייער פון טויזנטער קאָמאַנדירן און צענערטויזנטער זעלנער, וועלכע האָבן געבערענגט דעם נצחון אין דער זעקס־טאָגיקער מלחמה, איך זע זיך אַלס דער פאָרשטייער פון צה״ל בכלל. מען קען פרעגן: וואָס איז אייגנטלעך דער טעם, וואָס דער אוניווערזיטעט זאָל דערטיילן דעם ערן־דאָקטאָראַט פאַר פילאָזאָפיע דווקא אַ זעלנער, אַלס צייכן פון אָנערקענונג פאַר זיין טעטיקייט אין דער מלחמה? וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס אַ זעלנער מיט אַ הויכשול, וואָס סימבאָליזירט אַ קולטור־לעבן? וואָס פאַר אַ געמיינזאַמעס איז פאַראַן צווישן די מענטשן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט גוואַלט־טאַטן און ווערטן פון גייסט? איך זע אין דעם כבוד, וואָס איר האָט געגעבן דורך מיין פאַרמיטלונג — די מענטשן פון צה״ל אייער טיפע אָנערקענונג אין דער אייגנ־אַרטיקייט פון צה״ל, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַן אויסדרוק פון דעם אייגנאַרט און באַזונדערקייט פון דעם יידישן פאָלק בכלל!

„עס איז אָנגענומען אין דער גאַנצער וועלט, אַז צה״ל איז אַנדערש פון אַלע אַנדערע אַרמייען. הגם זיין הויפּט־אויפגאַבע איז אַ מיליטערישע דערפילט ער אַ גאַנצע ריי פון אַנדערע אויפגאַבן, וואָס זענען געבונדן מיט שלום און נישט

מיט חורבן, נאָר מיט דעם בויען און שטאַרקן די קולטור און מאָראַל פון דעם פאָלק. אונדזער דערציִערישע אַרבעט ווערט דורך אַלעמען געלויבט און זי האָט אַפילו באַקומען דעם יערלעכן פריז פאַר דעם יאָר תשכ״ז. נח״ל (נוער חלוצי לוחם — חלוצישע קעמפערישע יוגנט), וואָס פאַרבינדט מיליטערישע אויסבילדונג מיט ערד־אַרבעט, שול־לערערינס, וואָס פאַרנעמען זיך מיט לערנען קינדער, מיט דעם אַנטוויקלען דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אאַז״וו, אילוסטרירן דעם אייגנ־אַרטיקן מהות פון צה״ל. אָבער היינט דערטיילט אונדז דער אוניווערזיטעט דעם ערן־טיטל אַלס אויסדרוק פון אָנערקענונג פאַר די גייסטיקע און מאָראַלישע ווערטן פון צה״ל אין דער מלחמה גופא, אַ זאַך, וואָס איז אונדז אויפגעצוווּנגען געוואָרן און מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אַ נצחון אין אָט דער שווערער מערכה, וואָס קלינגט ממש ווי אַ נס.

„מלחמה איז זייער אַ שווערער און גרויזאַמער ענין, אַ זאַך פון פיל בלוט און טרערן, אָבער דווקא אין דער דאָזיקער מלחמה זענען מיר געווען עדות פון זעלטענער גבורה און מוטיקייט, פון ברידערלעכקייט און פרייננטשאַפט און אַפילו פון שאר רוח...

„דאָס גאַנצע פאָלק איז געווען טיף גערירט און פיל האָבן געוויינט בעת זיי האָבן דערהערט די בשורה וועגן דער באַפרייונג פון דער אַלטער שטאָט פון ירושלים. די צברישע יוגנט און אַוודאי די זעלנער האָבן נישט קיין נטיה צו זיין סענטימענטאַל און אויב זיי פאַלן אַ מאָל אַ „קרבן" פון אַזאַ געפיל שעמען זיי זיך דערמיט און פאַרהוילן דאָס פון די אויגן פון אַנדערע. אָבער דער גרויסער אָנשטרענג אין דער מלחמה, דער ציטער פאַר איר, דער געפיל פון נצחון און דער אינערלעכער באַריר פון די קעמפער מיט דעם האַרץ פון דער יידישער געשיכטע האָבן אויפגעריסן די שאָל פון בושה און האַרטקייט און האָבן געעפנט קוואַלן פון טיפער עמפפינדונג און גייסטיקע איבערלעבענישן. די פאַראַ־שוטיסטן, וואָס האָבן אויסגעלייזט דעם כותל המערבי זענען געפאַלן אויף אים און האָבן אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. דאָס איז אַ זעלטענע דערשיינונג און עס איז אַ ספק אויב אין דער געשיכטע פון אַנדערע פעלקער איז געשען עפּעס ענלעכעס. אין צה״ל האָט מען נישט ליב קיין מליצות, אָבער די גרויסע איבער־לעבונג אין וועלכע עס האָבן זוכה געווען די צה״ל־מענטשן אויפן הר הבית, האָט באַזייטיקט שפּראַך־געוווינהייטן, ווייל אין איר האָט זיך אַנטפּלעקט ווי אַ בליץ אַ טיפער אמת.

„די פרייד פון נצחון האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע פאָלק. אָבער צווישן די קעמפער זענען מיר עדות פון אַ מאָדנער דערשיינונג: זיי קענען זיך נישט פרייען מיטן גאַנצן האַרץ. זייער פרייד איז אויסגעמישט מיט אומעט און צער. און עס זענען אַפילו פאַראַן אַזעלכע, וואָס פרייען זיך נישט בכלל. די קעמפער אין די פאָדערשטע פּאָזיציעס האָבן מיט זייערע אייגענע אויגן נישט נאָר געזען

די הערלעכקייט פון זיג נאָר אויך זיין פרייז. זייערע חברים זענען געפאַלן טריפנדיקע אין בלוט נעבן זיי. איך ווייס אויך, אַז דער שרעקלעכער פרייז, וואָס עס האָט באַצאָלט דער שונא האָט אויפגעטרייסלט פיל פון זיי. מעגלעך, אַז דאָס יידישע פאָלק איז קיינמאָל נישט דערצויגן און נישט צוגעוווינט געוואָרן צו פילן אַ שמחה פון דעם דעראָבערער און זיגער און, דעריבער, נעמט מען אויף אַפילו אַ נצחון מיט געמישטע געפילן.

„אויף אַלע פראָנט־אַפשניטן זענען די צה״ל קאָמאַנדירן איבערגעשטיגן די קאָמאַנדירן פון שונא. די ראַטזאַמקייט, דער פאַרנונפט, די גרייטקייט, די פעיקייט פון אימפּראָוויזאַציע, די זאָרג פאַר דעם זעלנער און דער עיקר — דאָס גייַן דער ערשטער אין קאַמף — דאָס זענען נישט קיין טעכנישע אָדער מאַטעריעלע ענינים. מען קען דאָס אויפקלערן נאָר מיט דער טיפער איבערצייגונג אין דער מאָראַלישער באַרעכטיקונג פון זייער קאַמף. די דאָזיקע אַנטפּלעקונגען זייערע הויבן זיך אָן מיט גייסט און ענדיקן זיך מיט גייסט. נישט מיטן כוח פון אייזן האָבן אונדזערע קעמפער דערגרייכט די הויכע מדרגה פון גבורה און זיג, נאָר אַ דאַנק זייער געפיל פון שליחות, זייער איבערצייגונג אין דער גערעכטיקייט פון אונדזער זאַך, פון זייער טיפער ליבע צום היימלאַנד און פון דעם באַוווסטזיין וועגן דער גורלדיקער אויפגאַבע, וואָס עס איז אויף זיי אַרויפגעלייגט געוואָרן: צו פאַרזיכערן דעם קיום פון פאָלק אין זיין לאַנד; צו באַשיצן דאָס רעכט — און זאָל זיין אַפילו פאַרן פרייז פון זייער לעבן — פון דעם יידישן פאָלק צו לעבן אין זיין מדינה אַ פריי זעלבשטענדיק לעבן. צה״ל אין וועמענס שפּיץ איך האָב געהאַט די זכיה צו שטיין בעת דער איצטיקער מלחמה, איז געקומען פון פאָלק און קערט זיך אום צום פאָלק. דאָס איז אַ פאָלק, וואָס שטייגט אין די הויכן בשעת אַ צרה און וואָס קען ביישטיין דעם שונא אַ דאַנק זיין מאָראַלישן, גייסטיקן און זעלישן ניוואָ אין אַ שעה פון נסיון״.

אָט דאָס זענען די ווערטער פון דעם הויפּט־שעף פון צה״ל. דאָס איז אַ אויטענטישע עדות וועגן דעם מהות און אייגנאַרט פון צה״ל, וואָס רעדט פאַר זיך אַליין.

## דער וועג פון דער אַרבעט־באַוועגונג אין ישראל

די יידישע מקורותדיקע אויפפאַסונג אַנטהאַלט אין זיך אַ ריי ווערטן, ווי למשל: די הייליקייט פון דעם לעבן פון מענטש, זיין פרייהייט און גייסטיקע אייגנאַרט, די גלייכווערטיקייט פון יעדן מענטש א. אַז. וו. זיי אַלע זענען פאַרבונדן מיט דער אידעע פון פעלקער־פאַרברידערונג און אייביקן שלום. די דאָזיקע ווערטן זענען מיט דער צייט געוואָרן יסודות פון דעם נייעם געזעל־שאַפטלעכן געדאַנק ביי פעלקער פון דער אייראָפּעישער קולטור און מען קען זיי

לייכט אַנטדעקן אין דעם הומאַניטאַר־דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם פון אונדזער צייט און פון דער ציוניסטיש־פּאָציאַליסטישער אַרבעט־באַוועגונג אין ישראל. די אייגנאַרט פון דער ישראלדיקער אַרבעט־באַוועגונג ליגט דערין, וואָס פון איר סאַמע באַגינען האָט זי זיך געבויט אויף די יסודות פון חלוציזם און פּערזענ־לעכער פאַרווירקלעכונג. דער אַרבעטער־ציבור האָט אויף זיך גענומען די פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם גורל פון פאָלק, פאַר זיין נאַציאָנאַלער אויפלעבונג און פאַר דער באַנייונג פון זיין לעבן אויפן וועג פון פּראָדוקטיווער אַרבעט און העברעישער קולטור. די וויזיע, דער אידעאַל איז געווען דאָס ליכט פון דער באַוועגונג און די פריייוויליקייט — איר וועג. דערמיט דערקלערט זיך איר גרויסע גייסטיקע, אידעישע און מאָראַלישע השפּעה אויף דעם יידישן ישוב אין לאַנד, אויף דער ציוניסטישער באַוועגונג און אויף די יידישע מאַסן אין דער וועלט בכלל. אין צענטער פון דעם לעבן און טעטיקייט פון דער ישראלדיקער אַרבעט־באַוועגונג איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן דער אידעאַל פון נאַציאָנאַלער באַפרייונג און אַלמענטשלעכן און געזעלשאַפטלעכן אויסלייז. די טאָג־טעגלעכע אַרבעט איז אַלעמאָל געווען באַהויכט מיט דער שטרעבונג און געראַנגל פאַר „חיי־עולם" און פון דער צווייטער זייט איז דער אידעאַל געווען אַדורכגעפלאָכטן מיט אַלטעגלעכער גרויער אַרבעט פאַר די נויטן פון חיי־שעה.

קעגנזייטיקע הילף, די אחריות פון דעם כלל פאַר דעם פּרט און פון דעם פּרט פאַר דעם כלל, די זאָרג פאַר דעם נייעם עולה — דאָס אַלץ שטאַמט פון דעם מהות פון דער אַרבעט־באַוועגונג. אויף דעם געזעלשאַפטלעכן באָדן איז אויסגעוואַקסן מדינת ישראל. נישט „על לחם לבדו יחיה האדם" נישט אויף ברויט אַליין קען לעבן אַ געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג אָדער אַ פאָלק, באַזונדערס אַזאַ פאָלק ווי די יידן, וואָס טראָגט מיט זיך די נבואה פון אחרית הימים. אָן אַ טיפערן און דערהויבענעם זין פאַר דעם לעבן, אָן דער שטרעבונג צו פאַרווירק־לעכן געזעלשאַפטלעכע, נאַציאָנאַלע, גייסטיקע און עטישע ווערטן — וועט נישט האָבן קיין האַפט נישט די אַרבעט־באַוועגונג און נישט מדינת ישראל. עס איז נישטאָ קיין גרעסערער געזעלשאַפטלעכער טעות, ווי די מיינונג, אַז נאָך דעם אויפקום פון מדינת ישראל האָט מען געענדיקט די תקופה פון חלוציזם אין אונדזער לעבן און עס איז געקומען די צייט פאַר „מנוחה ונחלה".

מיר זענען נאָך ווייט דערפון, אַז מיר זאָלן זיך קענען דערלויבן צו זיין רויק און זעלבסטצופרידן. נישט נאָר אויפן געביט פון זיכערקייט און זעלבסטשוץ, נאָר אויך אויף אַנדערע געביטן וועלן מיר נאָך לאַנגע יאָרן זיך נויטיקן אין גרויסע אָנשטרענגונגען, אין חלוציזם און פריייוויליקייט.

אין אונדזער לאַנד ווערן געמאַכט וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע עקספּערימענטן ווי למשל: די קאָלעקטיווע, אַרבעטנדיקע קאָלאָניזאַציע אין אַלע אירע פאָרמען. קאָמפּעטענטע מענטשן און נישט דווקא יידן זעען אין די פאַרשידענע נייע געזעל־

שאַפּטלעכע פֿאָרמאַציעס — גרויס חשיבות נישט נאָר פֿאַר ישׂראל נאָר פֿאַר דער גאַנצער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט. מיר אַליין, אָבער, דאַרפֿן זיך נישט פֿאַר־שיכּורן פֿון אונדזערע דערגרייכונגען, ווייל אויך אויף דעם געביט געפֿינען מיר זיך נאָך אין דער סטאַדיע פֿון „אתחלתא דגאולה”. די קאָלעקטיווע ווירטשאַפֿט שטייט פֿאַר פֿיל קאָמפּליצירטע און שווערע פּראָבלעמען, אָביעקטיווע און סוביעקטיווע, און נאָר אויב די גרויסע וויזיע און שטרעבונג צו זיין „עם אדם”, אַ „עם בצלם אלוהים” (א. ד. גורדון), אַ „עם אנושי” (מאַרטין בובער) וועט לעבן טיף אין אונדזער האַרץ באַשטייט די האָפֿענונג ,אַז די גרויסע קאָלעקטיווע אַרבעטנדיקע קאָלאָניזאַציע וועט זיך ווייטער אַנטוויקלען און מאַכן פֿאָרשריט און אַרויפֿדריקן איר סאָציאַל־עטישן חותם אויך אויף דער זיך בויענדיקער ישׂראלדיקער געזעלשאַפֿט.

**אברהם וואָלפנזאָן**

# באַמערקונגען צו דער פילאָזאָפיע פון דעם „נייעם לינקס"

„די דעמאָקראַטיע האָט אפשר אַ צוקונפט, אָבער אַ געגנוואַרט האָט זי מער נישט" — האָט געטענהט אין אַ עפנטלעכער דיסקוסיע דער פילאָזאָף הערבערט מאַרקוזע, וועלכער האָט פיל חסידים צווישן די אַקטיוויסטן פון דעם „נייעם לינקס". פראָפעסאָר מאַרקוזע איז איינער פון די שאַרפסטע און טיפסטע אויפקלערער פון העגעל׳ס תורה. פיל יאָרן נאָך איידער דער אַמעריקאַנער פילאָזאָף מאַרטאָן ווייט (פּראָפעסאָר פאַר פילאָזאָפיע אין האַוואַרד אוניווערזיטעט) האָט פעסטגעשטעלט אַז דער פילאָזאָפישער געדאַנק — אין אַלע פאַרשידענע שאַטירונגען און באַזונדערע שטרעמונגען זיינע פון 20סטן יאָרהונדערט איז אייגנטלעך נאָר אַ אָפּרוף אויף דעם טראַכטן פון איין מענטש ג. וו. ס. העגעל — האָט שוין פּראָפעסאָר מאַרקוזע געצייכנט די פּאָליטישע און אידעאָלאָגישע מאַפּע פון דעם איצטיקן יאָרהונדערט און קלאָר אָנגעוויזן אויף די העגעליאַנישע וואָרצלען פון דער פּאָליטיק און אידעאָלאָגיע מיט זייערע באַזונדערע אַנטקעגנגעזעצטע שטרעמונגען אין אונדזער מאָדערנער תקופה.

די צרה איז, אָבער, דאָס, וואָס מיט מאַרקוזע איז געשען דאָס זעלבע, וואָס — לויט זיין מיינונג — איז געשען נאָר מיט העגעל: מאַרקוזע טענהט אַז העגעל האָט זיך צוריקגעהאַלטן פון ציען די אַנטגילטיקע און רעוואָלוציאָנערע מסקנה פון זיין דיאַלעקטישער שיטה, און אַז נאָר דער מאַרקסיזם האָט באַוויזן צו פאַרוואַנדלען זיין טעאָריע וועגן אַ דיאַלעקטיש־היסטאָרישער אויפפאַסונג אין אַ רעוואָלוציאָנערער פּראַקטיק; מאַרקוזע, ווידער, פאַרלאָזט — צוליב זיין טאָטאַלער קריטיק פון דער מאָדערנער דעמאָקראַטיע — זיין דיאַלעקטיש עוואָלוציאָנערע אויפפאַסונג. די געטריישאַפט צו דער דאָזיקער אויפפאַסונג וואָלט אים זיכער דערפירט דערצו אַז ער זאָל (צוגלייך מיט דעם אַמעריקאַנער סאָציאַליסט מיכאל האַרינגטאָן) שטיצן בפועל ממש די כוחות פון געזעלשאַפטלעכן פאַרשריט, וואָס ווירקן אין די ראַמען פון דעמאָקראַטישע רעזשימען אויף די יסודות פון פרייער דיסקוסיע, קעגנזייטיקער איבערצייגונג און וואַל־קאַמפן.

דורך זיין קריטיק פון דער היינטצייטיקער דעמאָקראַטיע און זיין אונטערשטיצן „נישט דעמאָקראַטישע און נישט פּאַרלאַמענטאַרישע אַקציעס" (ווי ער

אַליין זאָגט עס) לויט דעם נוסח פון דעם „נייעם לינקס" — באַגייט מאַרקוזע דעם זעלבן טעות פון די סאָציאַליסטן, די מאַרקסיסטן־לעניניסטן, וועלכע האָבן נישט נאָר נישט געגלויבט (אין דער פאַרגאַנגענהייט) דערין, אַז די פּאָליטישע דעמאָקראַטיע איז בכוח צו פאַרבעסערן דעם מצב פון דעם אַרבעטער־קלאַס, נאָר זיי האָבן אויך איבערגעטריבן דעם כוח פון „די נישט דעמאָקראַטישע און נישט פּאַרלאַמענטאַרישע אַקציעס" לגבי דעם אַדורכפירן ממשותדיקע, געזעלשאַפטלעכע ענדערונגען.

אַ טיפערער אַריינבליק אין דעם פּאָליטיש־סאָציאַלאָגישן כאַראַקטער פון דעם „נייעם לינקס" אין אונדזער צייט מוז דוקא דערפירן צו אַ פאַרקערטער פעסטשטעלונג. נישט ווי פּראָפ. מאַרקוזע טענהט אַז „די דעמאָקראַטיע האָט אפשר אַ צוקונפט אָבער נישט קיין קעגנוואַרט" נאָר אַז „די דעמאָקראַטיע האָט אַ קעגנוואַרט אָבער זי האָט זיכער נישט קיין צוקונפט". דער בולטסטער ביישפיל פאַר דעם פאַרבייגייענדיקן כאַראַקטער פון דעם „נייעם לינקס" איז, פאַרשטייט זיך, דער לינקער מאָדערנער יוגנט־אויסברוך אין האָלאַנד.

אין האָלאַנד האָט דער „נייער לינקס" געטראָגן — באַלד נאָך זיין אַנטשטיין — דעם פּראָוואָקאַטיוון נאָמען: „פּראָוואָ" (פון דעם וואָרט פּראָוואָקאַציע). אַלס צענטער פון די „פּראָוואָ"־מענטשן האָט געדינט דאָס הויז פון סטודענט פון פילאָזאָפיע רועל דזאין. דאָרט זענען באַשטימט געוואָרן די פּלענער, פאַרפאַסט געוואָרן די אויסרופן און צוגעגרייט געוואָרן די פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען קעגן דעם „עסטאַבלישמענט". דער ערשטער אויסברוך פון די „פּראָוואָ"־מענטשן איז פאָרגעקומען דעם 10.3.66 בעת זיי האָבן געוואָרפן רויך־באָמבעס אויף דעם חתונה־צוג פון דער קרוין־יורשטע, פּרינצעסין ביאַטריקס מיט דעם געוועזענעם דייטשן דיפּלאָמאַט קלאוס פאָן אַמבורג, מיט דעם קלאָרן ציל אַרונטערצורייסן דעם פּרעסטיזש פון דער קעניגלעכער פאַמיליע און פון דעם הערשנדיקן האָלענדישן רעזשים. אַנדערע אַקציעס פון „פּראָוואָ" האָבן געהאַט ווייניקער דערפאָלג. אין מאַי 1967 איז זיך די דאָזיקע באַוועגונג פולשטענדיק פונאַנדערגעפאַלן און אירע אָנהענגער האָבן זיך „פאַרבירגעלעכט" און פאַרשווונדן. דער „פּראָוואָקאַטיווער" קרייז האָט זיך געשלאָסן נאָך קנאַפּע צוויי יאָר פון עקזיסטענץ נישט איבערלאָזנדיק אפילו אַ שפּור אין דער האָלענדישער געזעלשאַפט (אַחוץ אייניקע פאַרשטייער אין שטאָט־ראָטן).

דער האָלענדישער מוסטער איז באַלערנדיק דערמיט וואָס ער כאַראַקטעריזירט דעם „נייעם לינקס" בכלל: ער שטעלט מיט זיך פאָר אַ מין פייער־ווערק, וואָס האָט נישט אונטער זיך קיין פעסטן געזעלשאַפטלעכן באָדן, פאַר וועלכן נישט איז „אש תמיד". אויך די אַנדערע באַוועגונגען פון דעם „נייעם לינקס", וועלכע זענען נאָכנישט אונטערגעגאַנגען, געניסן נישט פון קיין ברייטער געזעלשאַפטלעכער סימפּאַטיע.

אין אַ אויספירלעכער, אַלטוועלטלעכער פאַרש־אַרבעט וועגן די פּאָליטישע אַטשויונגען צווישן סטודענטן, וועמענס מסקנות עס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דעם קוואַרטאַל „דידאלוס" אָנהויב 1968 שילדערט דער באַקאַנטער פּאָלי־טישער סאָציאָלאָג סיימאָן מאַרטין ליפּסט (פון דער האַרוואַרד־אוניווערזיטעט אין די פאַרייניקטע שטאַטן) די פּאָליטישע שטימונגען צווישן דער סטודענטנשאַפט אין דער פרייער וועלט ווי עס פאָלגט:

די מערהייט פון די סטודענטן אין די אוניווערזיטעטן — שטעלט פעסט ליפּסט — זענען אַפּאָליטיש געשטימט אָדער געהערן צו גוט אײַנסטיטואירטע פאַרטייען. אין די פאַראייניקטע שטאַטן זענען אָנגעשלאָסן נאָר 7.000 פון 6.5 מיליאָן סטודענטן אין דער ס.ד.ס. (סטודענטן פאַר אַ דעמאָקראַטישע געזעל־שאַפט — אַ לינקיסטיש־קעמפערישע באַוועגונג). אויב מיר וועלן פאַר־פאַרגלייכן די צאָל מיט דער צאָל אַמעריקאַנער סטודענטן, וועלכע זענען אָרגאַניזירט אין די צוויי גרויסע דעמאָקראַטישע פאַרטייען — די דעמאָקראַ־טישע פאַרטיי און די רעפּובליקאַנישע פאַרטיי — וועלן מיר זען ווי נעבעכדיק זי איז. די „יונגע דעמאָקראַטן" און „יונגע רעפּובליקאַנער" ציילן צוזאַמען 250.000 סטודענטן. פּראָפעסאָר ליפּסט שטרייכט אונטער, אַז אין די דרייסיקער יאָרן זענען פיל מער סטודענטן געווען טעטיק סיי אין דעם עקסטרעמען רעכטס און הן אין דעם עקסטרעמען לינקס. הײַנט איז קאָנטיק אַ כסדרדיקע דערווײַטערונג פון דעם פּאָליטישן לעבן מצד דעם יונגן דור אין די אוניווערזיטעטן. „די מערהייט סטודענטן — שרײַבט ער — האַלטן זיך אָפּ פון פּאָליטיק און זיי זענען אין דער מיינונג, אַז לערנען און פּאָליטיק פאָרן זיך נישט צוזאַמען".

פאָרשונגען, וועלכע זענען לעצטנס אַדורכגעפירט געוואָרן אין מערב־דײַטש־לאַנד באַשטעטיקן די הנחה פון פּראָפעסאָר ליפּסט. אַלע דרײַ אָרגאַניזאַציעס: דער פאַרבאַנד פון סאָציאַליסטישע סטודענטן (ס.ד.ס.), די סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישע פאַראייניקונג פון די העכערע לער־אַנשטאַלטן (ס.ה.ב.) און די ליבעראַלע פאַראייניקונג פון סטודענטן (ל.ס.ד.), וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר דעם רעזערוואָר פון דעם „נײַעם לינקס" נעמען אַרום אַלע צוזאַמען נישט מער פון 30% פון די 300.000 סטודענטן אין מערב־דײַטשלאַנד. דער מערב־דײַטשער פאָרשער פון דער עפנטלעכער מיינונג וויגא גראַף בליכער האָט אויסגעפינען, אַז 87% פון דעם יונגן דור אין מערב־דײַטשלאַנד האַלטן אַז „עס איז זייער אײַנגענעם אין דער היים; 75% ווילן דערציִען זייערע קינדער פּונקט אַזוי ווי זיי זענען דערצויגן געוואָרן. עס איז אויך פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דער גרעסטער טייל פון אָנטיילנעמער אין די דעמאָנסטראַציעס פון דעם „נײַעם לינקס" געהערן נישט צו קיין שום אָרגאַניזאַציע און אַז זייער באַוועגונג, וואָס רופט זיך די „אַנטי־אויטאָריטאַרע באַוועגונג" וויל נישט גרינדן קיין פאַרטיי.

דער לויזער, געזעלשאַפטלעכער אונטערגרונט און די אינערלעך־אָרגאַניזאַ־

ציאָנעלע שוואַכקייט פון דעם „נייעם לינקס" באַווייזן אונדז, אַלזאָ, אַז די האָלענדישע דערשיינונג פון גיכן אויפפלאַקער און באַלדיקן אויסלעש איז נישט קיין צופעליקע און אויסערגעוויינטלעכע דערשיינונג, נאָר זי איז אַ רעזולטאַט פון דעם כאַראַקטער און אָרגאַניזאַציאָנעלע שוואַכקייטן פון דער נייער פּאָליטישער שטרעמונג.

## אידעאָלאָגישע צעטומלעניש

דעם „נייעם לינקס" פעלן נישט נאָר אַ מאַסן־באַזע און אַ פעסטע אָרגאַניזאַציע, כדי ער זאָל קענען משפּיע זיין אויף די אַנטוויקלונגען פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט נאָר ער ליידט אויך פון אַן אידעאָלאָגישער צעטומלעניש. דעריבער איז ער נישט מסוגל צו שאַפן פאַר זיך אַ קלאָרע וועלט־אַנשויונג און אַ פעסטן פּאָליטישן פּראָגראַם. די פירער פון דער באַוועגונג צייכענען זיך אויס מיט זייער שאַרפער קריטיק קעגן דער דעמאָקראַטישער, מאָדערנער געזעלשאַפט, אָבער, זיי זענען נישט בכוח אָנצוצייכענען קלאָרע יסודות פאַר אַן אַלטערנאַטיווער געזעלשאַפטלעכער סטרוקטור.

רודי דוטשקע און זיינע חברים אין דייטשלאַנד טרעטן שאַרף אַרויס קעגן „דער אויטאָריטאַרער אונטערדריקנדיקער געזעלשאַפט" און זיי באַטראַכטן זיך אַלס אַ „אויספּאַרלאַמענטאַרישע אָפּאָזיציע" אָדער אַלס אַן „אַנטי־אויטאָריטאַרער לאַגער". דער דאָזיקער אַנטי־אויטאָריטאַרער לאַגער איז — לויט דער מיינונג פון דוטשקע — „עפּעס אַ נייע זאַך אין דייטשלאַנד". אָט דער „נייער כוח" „אַנטפּלעקט" אין די פאַבריקן, ביוראָען, פּאַרטייען, אוניווערזיטעטן און אַפילו אין דעם פּריוואַטן לעבן — פאַרשידענע פאָרמען פון אונטערדריקונג, פון אַגרעסיווקייט, פון אָפּגעפרעמדקייט. ער קעמפט קעגן „די איינגעפונדעוועטע פאָרמען פון דעם אינסטיטוציאָנאַליזם, קעגן אַלע אויסדרוקן פון דעהומאַניזאַציע, ביוראָקראַטיע און איראַציאָנעלער קאָמפּעטענץ".

דער „נייער לינקס" אין די פאַראייניקטע שטאַטן רעדט אויך וועגן „עפּעס נייעס" בעת ער דריקט אויס זיין פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן פּראָטעסט קעגן דער מלחמה אין וויעטנאַם, קעגן דער דיסקרימינירונג פון די נעגער אד"גל. אָבער זיין אידעאָלאָגישער קען־צייכן איז זייער פאַרנעפּלט און ער איז נוטה גיכער צו אַ סאָציאָלאָגישער זעלבסטדערקענטעניש. „וואָס עס ציט יוגנטלעכע צו דער ס. ד. ס. זאָגט פּאַסטער סטאַן (20 יאָר אַלט) פון דער בארקליי אוניווערזיטעט איז דער ווילן צו פאַרוואַנדלען זייער געפיל פון אָפּגעפרעמדקייט אין דער געזעלשאַפט אין אַ „פּאָליטישן פאַקטאָר". דער „פּאָליטישער פאַקטאָר" פון סטאַן מיינט אייגנטלעך דאָס זעלבע וואָס „עפּעס נייעס" פון דעם דייטש דוטשקע און „עפּעס... וואָס דערוועקט פאַרווונדערונג און התפעלות", וואָס דער פראַנ־

צוויזישער פילאָזאָף זשאַן פּאָל סאַרטער האָט געזען אין דעם סטודענט־בונטאַר דעני בנדיט־כהן און אין זיין באַוועגונג.

די דאָזיקע ווערטער האָט געזאָגט סאַרטער אויף אַן עפנטלעכער פֿאַר־זאַמלונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין חודש מאַי 1968 אין סאָרבאָן אין פּאַריז. סאַרטער האָט זיך געווענדעט צו דעני בענדיט־כהן און געזאָגט אַזוי: „פון אייך איז אַרויס עפּעס אַזוינס, וואָס דערוועקט פאַרוואונדערונג און התפעלות. איר וואַרפט אָפּ יעדע זאַך — וואָס אונדזער געזעלשאַפט — טוט. דאָס איז עפּעס אַזוינס, וואָס איך וואָלט באַצייכנט אַלס די אויסברייטערונג פון די גרענעצן פון דעם מעגלעכן, פאַרנאַכלעסיקט דאָס נישט". עס איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס סאַרטער ווייזט אַן נאָר אויף דעם — אַזוי צו זאָגן — נעגאַטיוון ווערט פון דעם „נייעם לינקס" — זיין טאָטאַלע קריטיק אויף דער מאָדערנער געזעלשאַפט. פון דעם שטאַנדפּונקט אויס געפינט סאַרטער אין דעם „נייעם לינקס" דאָס, וואָס אַ שאַרפע ענגלישע קריטיקערין האָט געפינען אין דעם פילאָזאָפישן עקזיס־טענציאַליזם פון סאַרטערן אַליין: „אַ קריטישע שטימונג און נישט קיין פילאָ־זאָפישע אַלטערנאַטיוו, ווייל „די פאָדערונגען פון דער פילאָזאָפיע זענען געגוויקייט, אָביעקטיווקייט און אַן אָנשטרענג צו זאָגן דאָס ריכטיקע און דאָס זענען טאַקע די פאָדערונגען, וועלכע דער עקזיסטענציאַליזם האָט אויף זיך גענומען אַלס פּרינציפּ — נישט צו אָנערקענען... ווייזט אויס אַז דער צויבער פון עקזיסטענצ־יאַליזם באַשטייט אין דעם צויבער פון געמיטצושטאַנד". בעת מיר פאַרטראַכטן זיך ערנסט איבער זאַכן זעט איין יעדער מענטש, אַזוי אויך סאַרטער, אַז מען מוז זיך באַפרייען פון דעם געמיטצושטאַנד און אָנהויבן אַלץ אויפסניי" האָט געשריבן די ענגלישע קריטעקערין, ענערי ווארנאָך אין יאָר 1967 אין איר בוך „עקזיסטענציאַליסטישע עטיקס". אַ יאָר שפּעטער האָט זיך טאַקע געדוכט סאַרטערן, אַז מען קען „אָנהויבן פונדאָסניי" מיט דעם „נייעם לינקס", וואָס איז מכלומרשט דער ראַדיקאַלער המשך פון דער קריטיק פון עקזיסטענציאַליזם אויף דער מאָדערנער געזעלשאַפט. די צרה איז אָבער, דאָס, וואָס פאַרבינדט דעם „נייעם לינקס" מיט דעם עקזיסטענציאַליזם, איז דווקא זייער געמיינזאַמע גרונטשוואַכקייט: זיי זענען ביידע געבויט אויף געמיטצושטאַנד, אויף שטימונגען און נישט אויף אַ פעסטער, אַלטערנאַטיווער וועלטאַנשויונג. ביידע זענען אומצו־פרידן פון דעם עקזיסטירנדיקן יש, פון דעם וואָס איז פאַראַן, אָבער זיי גיבן נישט קיין ענטפער אויף די זוכענישן פון אַ קאָנסטרוקטיוון, פּאָזיטיוון אויסוועג פון דער עקזיסטירנדיקערווירקלעכקייט.

ביי פּראָפעסאָר הערבערט מאַרקוזע קומט נאָך די זאַך בולטער צום אויס־דרוק. נישט אָנגעמענדיק זיין פעסטשטעלונג אַז, „די דעמאָקראַטיע האָט אפשר אַ צוקונפט, אָבער, זי האָט געוויס נישט קיין קעגנוואַרט" זענען מיר מסכים מיט אים ווען ער זאָגט „אַז מען טאָר נישט דערלויבן די עקזיסטענץ פון באַוועגונגען

וואָס זענען — אָביעקטיוו — אַגרעסיוו און צושטערעריש״. מיר זענען אויך מסכים מיט אים ווען ער שטעלט פעסט „אַז אין פאַל ווען די ווײַמאַרער רעפּובליק וואָלט פאַרבאָטן די עקזיסטענץ פון דער היטלעריסטישער באַוועגונג נאָך איידער זי איז געוואָרן שטאַרק, וואָלט אַ וועלט־מלחמה נישט אויסגעבראָכן״. דאָ ענדיקט זיך אונדזער הסכמה מיט אים.

ווי עס זאָל נישט זײַן אונדזער באַציִונג צו דער מלחמה אין וויעטנאַם איז שווער מסכים צו זײַן מיט פּראָפ. מאַרקוזע, ווען ער טענהט „אַז פּונקט ווי אין דער פראַגע פון נאַציזם אין דער צווייטער וועלט־מלחמה אַזוי איז אויך מעגלעך הײַנט פעסטצושטעלן, ווער איז דער אָנגרייפער און ווער דער אָנגעגריפענער אין וויעטנאַם״. מאַרקוזע האַלט נישט אַז די צפון־וויעטנאַמישע אינוואַזיע קיין דרום־וויעטנאַם איז געווען דער ערשטער אַגרעסיווער שריט, וואָס האָט גורם געווען צו דער אַמעריקאַנער מיליטערישער אינטערווענץ מיטן ציל צו העלפן איר פאַרבינדערטער דרום־וויעטנאַם. אין דער פראַגע זענען מיר נישט נאָר קעגן דער לייזונג, וואָס ער שלאָגט פאָר נאָר אויך קעגן זײַן דיאַגנאָזע גופא.

מאַרקוזעס גרונט־באַציִונג צו דעם מאָדערנעם דעמאָקראַטישן פּראָצעס קומט צום אויסדרוק אין זײַן באַהויפּטונג: „איך בין מסכים מיט דעם געדאַנק וועגן דעמאָקראַטיע ווי אַ פרייער שפּיל פון כוחות״. ריכטיק. ער איז אויך גערעכט ווען ער זאָגט, אַז זײַן קריטיק פון דער דעמאָקראַטיע איז נוגע נאָר אַ טייל אין איר, וואָס איז נישט פריי (אָפן). מיר ווייסן זייער גוט אַז די מאָדערנע דעמאָקראַטיע איז נישט פּערפעקט, אַז זי האָט חסרונות און „וואָס עס איז נישט פריי״ (אָפן) דאַרף מען פריי (אָפן) מאַכן. אָבער זײַן פּראַקטישער אויספיר „נישט אײַנ־טיילצונעמען אין דעם שפּיל״ דרינגט נישט אַרויס פון זײַן עצם קריטיק אויף וואָס „עס איז נישט אָפן״ אין דער מאָדערנער דעמאָקראַטיע. די קריטיק פון וואָס „עס איז נישט אָפן״ מוז זיך נישט ענדיקן מיט דעם פּראַקטישן אויספיר: נישט זיך צו באַטייליקן אין דעם פּאָליטישן דעמאָקראַטישן לעבן נאָר דאַרף גאָר מחייב זײַן צו טאָן וואָס דער אַמעריקאַנער פילאָזאָף זשאָן דיואי פאָדערט: „אויסהיילן די דעמאָקראַטיע דורך אַ צוגאָב פון דעמאָקראַטיע״.

אויב מאַרקוזע באַשליסט „נישט אָנטיילצונעמען אין דעם שפּיל״ — טוט ער דאָס אויס דער טאָטאַלער נעגירונג פון דער עקזיסטירנדיקער דעמאָקראַטיע, ווײַל לויט זײַן מיינונג, איז דער פּאָליטישער שפּיל פון דער מאָדערנער דעמאָ־קראַטיע נישט נאָר נישט „אינגאַנצן אָפן״ (פריי) נאָר דער שפּיל אַליין איז „ברוטאַל און פאַלש״ און ער גרענעצט זיך אָפּ פון דער פּאָליטישער טעטיקייט אין די ראַמען פון דער דעמאָקראַטיע, ווײַל — זאָגט ער — „איך שעם זיך איר אָנרופן פרייער שפּיל״. דאָס איז שוין נישט סתם קריטיק נאָר פולשטענדיקע פאַרצווייפלונג פון דער הײַנטצײַטיקער דעמאָקראַטיע: „עס דוכט מיר, אַז ענדערן דעם איצטיקן מצב פון דער דעמאָקראַטיע איז מעגלעך נאָר דורך נישט דעמאָ־

קראַטישע און נישט־פּאַרלאַמענטאַרישע אַקציעס, ווייל דער שפּיל איז פאַלש און דער כּוחות־פאַרמעסט איז נישט אַ פאַרמעסט פון גלייכע כּוחות. עס איז זיך שווער פאָרצושטעלן אַ גרעסערע קאָנצענטראַציע פון מאַכט, ווי מיר זעען עס — אין דעם איצטיקן מאָמענט — אין די פאַראייניקטע שטאַטן".

מאַרקוזעס פאַרצווייפלונג פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע דערמאָנט די פאַרצווייפלונג פון לענינען (די מדינה און די רעוואָלוציע 1917) לגבי די מעגלעכקייטן פון די אַרבעטער־פּאַרטייען צו געווינען אַ קענטיקע פּאַרלאַמענ־טאַרישע פאַרטרעטערשאַפט און אַ וויכטיקע הערשערישע השפעה אין די לענדער פון דער מערבדיקער דעמאָקראַטיע.

די לענדער פון מערב־אייראָפּע, און גאַנץ באַזונדערס, סקאַנדינאַוויע און ענגלאַנד האָבן באַוויזן ווי גרונטלאָז עס איז געווען די שוואַרצע נבואה פון לענינען. אַ מער רעאַליסטישער אַריינבליק אין דער אינערלעכער געשיכטע פון די פאַראייניקטע שטאַטן לערנט אונדז אויך אַז דער אָנגייענדיקער דאָרט פּראָצעס פון אַ קאָנטראָלירטן קאַפּיטאַליזם האַלט אין איין ענדערן דעם אויסזען פון דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט פון דער תקופה פון דעם „ניו־דיל" פון רוזוועלט ביז דער „מלחמה קעגן אָרעמקייט" פון דזשאָנסאָן. אַוודאי איז דאָס נישט גענוג און עס איז דאָ פּלאַץ פאַר קריטיק פון דער אַמעריקאַנער געזעל־שאַפט אויפן געביט פון ממשותדיקע גלייכהייט, עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג און די פאַרהעלטענישן צווישן ראַסן.

אָבער דער מרחק פון אַ באַרעכטיקטער קריטיק ביז אַ טאָטאַלער און איבער־געטריבענער נעגירונג, האַלטנדיק די גאַנצע געזעלשאַפט פאַר „משוגע" — ווי עס זאָגט עס מאַרקוזע — איז אַ ווייטער מרחק. מאַרקוזע זאָגט אַז די אַמערי־קאַנישע געזעלשאַפט איז נישט קיין געזונטע געזעלשאַפט, ווייל „אַ געזונטע געזעלשאַפט קען זיין נאָר אַזאַ, וואָס באַנוצט זיך מיט אַלע מעגלעכע מיטלען — טעכנישע, מאַטעריעלע, אינטעלעקטועלע — נישט כּדי צו פאַרגרעסערן די אַזוי אויך איבערפליסיקע קאָנסומציע, נאָר כּדי צו מאַכן אַ סוף צו אָרעמקייט, צו אונטערדריקונג און ליידן". מען קען מסכּים זיין מיט אָט די ווערטער פון מאַרקוזע און מיט די צילן וועלכע ער צייכנט אָן, אָבער, דאָס הייסט נישט אַז מיר קענען אויך איינשטימען מיט דער מסקנה, וועלכע מאַרקוזע ציט אַרויס דערפון, דהיינו: אַז אַ געזעלשאַפט, וואָס פאַרשווענדעט מיטלען, וועלכע זי באַזיצט — אַז אַזאַ געזעלשאַפט איז אַראָפּ פון זינען".

מען קען מסכּים זיין מיט דעם אינהאַלט פון דער רעטאָרישער פראַגע פון מאַרקוזע „ווי קען איך זאָגן מיט אַ רויִקן געוויסן, אַז די מערהייט איז גערעכט". אַוודאי זענען געווען — די איזאָלאַציאָניסטישע מערהייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַר רוזוועלט און די נאָכגיביקע מערהייט אין ענגלאַנד פאַר טשערטשיל — אומגערעכט; מען קען אויך מסכּים זיין מיט זיין קריטישער באַציִונג, ווען

מאַרקוזע טענהט, אַז „מיר האָבן נישט קיין מערהייט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויפן יסוד פון אַ פרייעם און גלייכן צוטריט צו די פאַקטן און צו אַלע פאַקטן; אַז מיר האָבן נישט קיין מערהייט וואָס באַזירט זיך אויף אַ גלייכער דערציִונג פאַר אַלע", אָבער, די דאָזיקע הסכמה מוז אונדז נישט דערפירן צו דער טרויע־ריקער און פעסימיסטישער מסקנה, אַז „די דאָזיקע מערהייט איז נישט פריי און דער תמצית פון דער דעמאָקראַטיע איז, אַז דאָס הערשערישע פאָלק זאָל אויך זיין אַ פריי פאָלק". אדרבא, נאָך אין דעם באַגינען פון דעמאָקראַטיע האָבן זיך צוזאַ־מענגעשטויסן צוויי אַנטקעגנגעזעצטע אויפפאַסונגען: די פון פלאַטאָן (הערשאַפט פון ספּעציאַליסטן) און די פון פּראָטאַגאָראַס (פּאָליטישע גלייכהייט). דער דעמאָ־קראַטישער געדאַנק האָט קיין מאָל נישט גוזר געווען, אַז אַלע בירגער מוזן זיין גלייך אין זייער עקאָנאָמישער אויסבילדונג (ד. ה. אַלע עקאָנאָמיסטן אָדער אַלע — גראָבע יונגען אין עקאָנאָמיע) כדי זיי זאָלן קענען אַנטשיידן וועגן עקאָנאָמישע פּראָבלעמען.

מאַרקוזעס אידעאַל „וועגן אמתע פרייע יחידים, וועלכע זענען מסוגל אַליין צו דענקען, פילן און שאַפן זייערע פּאָזיציעס נישט זייענדיק אונטערן דרוק פון פאַרשידענע אינטערעסן־גרופּן, פון פּאָליטישע פּאַרטייען און פון דער גאַנצער איצטיקער מאַכט־סטרוקטור" לאָזט זיך נישט פאַרווירקלעכן, אַפילו אין אַ מוסטער־געזעלשאַפט אָן אַ אידעאָלאָגיש־פּאָליטישער פאָרמאַציע, ד. ה. אָן פּאַרטייען און מחוץ פון אַ באַשטימטער ראַם פון מאַכט.

## עס זענען פאַראַן אויך פּאָזיטיווע ביישפּילן

דער געזעלשאַפטלעכער אידעאַל פון מאַרקוזע וועגן „אַן אמתן סאָציאַליזם, וואָס מיינט נישט אַ שפע פון אומנוציטיקע זאַכן, וועלכע די מערבדיקע ווילזיין־געזעלשאַפט שטעלט צו פאַר אירע קאָנסומענטן, נאָר אַ וועזנטלעכע ענדערונג אין דער ריכטונג פון באַפרידיקן די אמתע באַדערפעניִשן פון דעם מענטש אין אונדזער תקופה: די באַדערפעניש אין פרייהייט, אין שיינקייט, אין דער באַ־פרייונג פון פאַרעלטערטע מאָראַל־קייטן" — דער דאָזיקער אידעאַל ווערט אומאויפהערלעך פאַרווירקלעכט נישט אין פאַרבאַנד פון קאָמוניסטישע ראַטן נאָר גאָר אין דער קאַפּיטאַליסטישער אַמעריקע, אין דער אַרבעטנדיקער קאָלאָ־ניזאַציע פון מדינת ישראל. די שותפות און גלייכהייט אין די קיבוצים זענען נישט געבויט אויף צוואַנגס־יסודות נאָר אויף דעם פרייען ווילן און באַוווסטזיין פון „באמת פרייע יחידים, וואָס זענען מסוגל אַליין צו דענקען" ווי עס וויל דאָס מאַרקוזע. אמת די דאָזיקע יחידים געהערן צו פאַרשידענע פּאָליטישע פּאַרטייען, אָבער אויך די דאָזיקע צוגעהעריקייט ווערט געמאַכט אויס פרייער איבערצייגונג און פרייעם ווילן. כמעט 25% פון די דעפּוטאַטן אין דער כנסת, אַ גרויסער טייל

פון מיניסטאָרן און פון די פירער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג זענען חברים אין דער אַרבעטנדיקער קאָלאַניזאַציע — און זיי שטעלן מיט זיך פאָר אַזאַ פּאָליטישן פאַקטאָר, וואָס איז אימשטאַנד גובר צו זיין „דעם שווערן דרוק פון אינטערעסן־גרופּן", וועלכן מאַרקוזע טאַדלט אין זיין קריטיק פון דער מאָדערנער דעמאָקראַטיע.

די צענטראַלע פראַגע פון סאָציאַליזם איז אין אונדזער צייט פּונקט ווי זי איז געווען מיט הונדערט יאָר צוריק: צי איז מעגלעך צו שאַפן אַ קערן מיט מעגלעכקייטן פון וווּקס און אַנטוויקלונג פון אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט אינערהאַלב דער מאָדערנער, דעמאָקראַטישער מדינה? וואָס עס האָט אויסגעזען אוטאָפּיסטיש און פּערספּעקטיוולאָז אין די אויגן פון קאַרל מאַרקס אין יאָר 1875 (קריטיק פון דעם גותהא־פּראָגראַם) מוז נישט זיין אומרעאַליסטיש אין אונדזער צייט אמת, אין קיין שום מדינה אין דער וועלט (אַחוץ אין מדינת ישראל) זענען נישט געשאַפן געוואָרן די צוויי פאָרבאַדינגונגען, וועלכע פערדינאַנד לאַסאַל האָט געהאַלטן פאַר בויטוועגדיק פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם אויף אַ דעמאָקראַטישן וועג. זיי זענען: אַ פּאָליטישער שטיצפּונקט (אין דער פאָרעם פון אַ שטאַרקער פּאָליטישער פּאַרטיי פון אַרבעטער אין פּאַרלאַמענט) און אַ עקאָנאָמישער שטיצפּונקט (אין דער פאָרעם פון אַ זעלבסטשטענדיקער אַרבעטער־ווירטשאַפט, וואָס זאָל מיט זיך פאָרשטעלן אַ מין סאָציאַליסטישן אינדזל, וואָס וואַקסט און אַנטוויקלט זיך אומאויפהערלעך אינערהאַלב אַ קאַפּיטאַליסטישן אָקעאַן). אָבער אַפילו אין ליכט פון טיילווייזע דערגרייכונגען פון דער מאָדערנער וווילשטאַנד־מדינה (באַזונדערס אין די סקאַנדינאַווישע לענדער אונטער דער העגעמאָניע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג) און פון די קוואַליטאַטיווע הויכע דערגרייכונגען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין ישראל (באַזונדערס אין דער קאָלעקטיווער ווירטשאַפט) קען מען לערנען ווי גרויס עס זענען די מעגלעכקייטן פאַר געזעלשאַפטלעכן פאָרשריט אין דער מאָדערנער דעמאָקראַטיע בעת עס ווערט אין איר אַ דעמאָקראַטישע אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס איז אַדורכגעדרונגען מיט דער וויזיע פון סאָציאַליסטישן הומאַניזם, פון זעלבסטשטענדיקער עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטלעכער שאַפונג און פון פּאָליטישער אחדות פון דעם גאַנצן אַרבעטער־צבור.

בקיצור: אין אונדזער תקופה זענען אויך פאַראַן פּאָזיטיווע ביישפּילן פון אַ קאָנקרעטן פאָרשריט אין דער געוווּנטשענער ריכטונג און עס איז נישט באַרעכטיקט דער יאוש פון מאַרקוזע לגבי די מעגלעכקייטן פון געזעלשאַפטלעכן פּראָגרעס אינערהאַלב אַ דעמאָקראַטישן „אינסטיטוציאַנירטן" רעזשים.

## דער איינציקער וועג

די באַוועגונג פון דעם „נייעם לינקס" ליידט, בכן, דערפון וואָס זי זעט נישט די פּאָזיטיווע אויפטוען, וואָס ווערן געשאַפן אין דער מאָדערנער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט. אומגעדולד און פאַרצווייפלונג זענען נישט קיין גוטער וועג־ווײַזער פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן. נאָכמער: זיי קענען גיכער צעשטערן אַפילו די טיילווייזע דערגרייכונגען און פאַרצוימען דעם וועג פאַר ווייטערדיקן פאָרשריט.

אמת, מאַרקוזע באַשולדיקט דעם קאָמוניזם דערין, וואָס ער פאַרמאַכט די אויגן פאַר דעם פאַקט „אַז דער דראַנג צו פרייהייט לעבט טיף אין דער נשמה פון מענטש און אַז מען קען אים נישט דערשטיקן". ער זאָגט אויך אַז אַ סאָציאַליזם, וואָס זעט פאַר זיך די אויפגאַבע פון „דערגרייכן און איבעריאָגן" די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, שטעלט אין סכנה דעם ציל גופא". אָבער מען קען נישט פאַרזען דעם אָביעקטיוון פאַקט אַז דער אַנטי־דעמאָקראַטישער און אַנטי־פּאַרלאַמענטאַרישער וועג פון דעם „נייעם לינקס" מוז מיטהעלפן די קאָמוניסטן אין זייער מלאכה פון אַרונטעררייסן דעם צוטרוי אין אַ מאָדערנער דעמאָקראַטישער אָרדענונג. די קאָמוניסטן פאַרשטייען דאָס זייער גוט און פּרוּוון אויסנוצן די נייע באַוועגונג לטובת זייערע צילן.

די אומלעגאַלע קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין מערב־דייטשלאַנד געפינט זיך אין אַן ענגער פאַרבינדונג מיט דער פּאַרטיי פון סאָציאַליסטישער אחדות אין דעם סאָוויעטישן מזרח־דייטשלאַנד; אין בערלין, באַזונדערס, זענען געמאַכט געוואָרן פאַרזוכן — טיילמאָל געלונגענע — דורך דער פּאַרטיי פון סאָציאַליסטישער אחדות פון מערב־בערלין צו באַווירקן די טעטיקייט פון פאַרשידענע, ראַדיקאַלע גרופּן און שלאָגן דערפון פּאָליטישן קאַפּיטאַל פאַר זיך. דאָס הייסט נישט אַז אַלע אָנהענגער פון דעם „נייעם לינקס" זענען פאַרכאַפּט פון קאָמוניזם. עס איז אָבער אַלעמען באַוווּסט ווי גרויס עס איז דער נוצן, וואָס די שׂונאים פון דער דעמאָקראַטיע ציִען אַרויס פאַר זיך פון דער איבערגעטריבענער, געזעלשאַפטלעכער קריטיק, פון דער אומבאַרעכטיקטער פאַרצווייפלונג, פון דער באַציִונג פון ביטול לגבי פּאַרלאַמענטן, ווי לגבי דעמאָקראַטיע בכלל.

אַוודאי קען מען נישט אָפּלייקענען דעם פאַקט, אַז די מאָדערנע דעמאָקראַטיע לייד פון פיל חסרונות און פעלערן. די דאָזיקע חסרונות און פעלערן שאַפן דאָס דעם נעגאַטיוון אומסימפּאַטישן אויסזען פון דער היינטצײַטיקער געזעלשאַפט. זיי זענען דאָס אויך די סיבה פון דעם וווּקס פון פאַרצווייפלטע פּראָטעסט־באַוועגונגען. „דער פּראָטעסט און דאָס נישט אַקצעפּטירן פון די צילן, וואָס די נייע געזעלשאַפט שלאָגט פאָר האָבן געפינען זייער אויסדרוק אין פאַרשידענע פאָרמען" שטעלט פעסט דער שווייצישער שרייבער מאַקס פריש — „אַ באַרד

און אַ צעשויבערטער קאָפּ האָר — אַלס פּראָטעסט; אַ גיטאַרע קעגן דער טעכניק פון היפּי; אַ פּראָטעסט דורך נאַרישער אויפפירונג; אַנטיגעזעלשאַפטלעכער אויפטריט אַלס פּראָטעסט קעגן אָנגענומענע קאָנוועגאַנסן; אַנטלויפן פון יעדער אידעאָלאָגיע אַאַז״וו. זיי אַלע זענען ספּאָנטאַנע אויסדריקן פון פּראָטעסט און אומצופרידנקייט מיט די עקזיסטירנדיקע לעבנס־באַדינגונגען פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט״.

פון דעם פּסיכאָ־סאָציאָלאָגישן צוגאַנג פון מאַקס פריש קען מען באַצייכענען דעם „נייעם לינקס״ נישט אַלס אַ באַגרינדעטע פילאָזאָפיע נאָר אַלס אַ פּאָליטיש־אינטעלעקטועלע פּראָטעסט־מאָדע, וואָס דינט אַלס באַראָמעטער פאַר סתירות און שוואַכקייטן פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט, אָבער, זי איז נישט קיין רפואה פאַר אירע הויפּט־קראַנקייטן. די רפואה קען מען געפינען — פּראַקטיש גערעדט — אין די דערגרייכונגען פון דעם קאָנסטרוקטיוון, חלוצישן און דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם אין ישראל און אין אַנדערע לענדער, ווו דעמאָקראַטיע גייט האַנט ביי האַנט מיט אַרבעטער־העגעמאָניע. וואָס שייך דעם אינטעלעקטועלן אַספּעקט דאַרפן די אמתע ליבהאָבער פון פאָרשריט אָננעמען דעם וועג וואָס פּראָפעסאָר מאַרטין ווייט (פון דער האַוואַרד אוניווערזיטעט) וואָס ער צייכנט אָן אין זיין רעזומע פון דער פילאָזאָפיע פון דעם 20סטן יאָרהונדערט: „מיר לעבן אין שרעק־לעכע צייטן — זאָגט פּראָפ. מאָרטאָן — בעת אַ צעקריגטע וועלט זוכט דעם וועג פאַר אַ סינטעז צווישן וויזיע און טעכניק, וואָס האָט פאַרשאַפן גרויס רום — און מיט רעכט — די גרעסטע פילאָזאָפן; זייערע יורשים דאַרפן זיך נישט אָפּשרעקן פון דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט ממשיך צו זיין זייער ווערק אויס דעם זעלבן געפיל פון פאַרערונג צו לאָגיק און צום לעבן״. דאָס איז דער איינ־ציקער וועג נישט נאָר פאַר די צעטומלטע מוחות פון דעם „נייעם לינקס״ נאָר אויך פאַר דער אמתער באַנייונג פון דעם גאַנצן דעמאָקראַטישן לינקס.

זאב גאָלדבערג

# דער בונט פון די סטודענטן און דער ווידעראויפלעב פון דער אידעאָלאָגיע

אין די 60־ער יאָרן האָט דניאל בעל פאַרעפנטלעכט אַ בוך מיט דעם איבערראַשנדיקן נאָמען: „דער סוף צו דער אידעאָלאָגיע". דער דאָזיקער טיטל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „געשריי פון דער מאָדע". עס האָבן זיך געמערט די נביאים, וואָס האָבן פאָרויסגעזאָגט דעם סוף פון דער פּאָליטיזאַציע פון דער מאָדערנער, פּלוראַליסטישער געזעלשאַפט, אין וועלכער עס איז מער נישטאָ קיין אָרט פאַר קלאַסן און קלאַסן־באַוווסטזיין און אין וועלכער עס עקזיסטירן בלויז אינטערעסן־גרופּן.

די פּאָליטישע פּאַרטייען שטעלן מיט זיך פאָר לויזע קאָאַליציעס, אין וועלכע עס טוישן זיך כסדר דרוק־גרופּן, סטאַטוס־זוכער און אינטערעסענטן און די קאַמפן וואָס ווערן געפירט פאַר דער מאַכט, זענען ריין — פון וועלכע עס זאָלן נישט זיין — אידעאָלאָגישע יסודות. אין בעסטן פאַל עקזיסטירט אַ ראַציאָנאַליזאַציע אין דעם פּרווידיאַנישן זין, וואָס באַוועגט די פּאָליטישע טעטיקייט, ווייל עס איז דער שטייגער פון מענטש צו געפינען אַ באַרעכטיקונג פאַר זיינע מעשים.

די דאָזיקע אַנטי־אידעאָלאָגישע מאָדע האָט נישט געהאַט קיין שום זאַכלעכן יסוד, נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז זי איז אַליין געוואָרן אַ אידעאָלאָגיע. איר גרונטלאָזיקייט האָט זיך אַרויסגעוויזן, באַזונדערס, אין לעצטן יאָרצענדליק, בעת מיר זענען עדות דווקא פון דעם ווידעראויפלעב פון דער אידעאָלאָגיע. דער דאָזיקער ווידעראויפלעב דריקט זיך אויס אין פאַרשידענע פאָרמען. באַזונדערס איז דאָס בולט אין דעם בונט פון די סטודענטן אין פאַרשידענע לענדער: אין מעקסיקע, אין פראַנקרייך, אין דייטשלאַנד, אין קאָמוניסטישן טשעכאָסלאָוואַקיע און אין דעם קאַפּיטאַליסטישן אַמעריקע. כלערליי געזעלשאַפטלעכע אויפברויזן, באַזונדערס, — דער פראַנצויזישער אין יאָר 1967 — באַווייזן אויף וויפל אומבאַגרינדעט עס איז דער געדאַנק וועגן דעם סוף פון דער אידעאָלאָגיע.

## די סטודענטן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן

אין דעם אויפברויז פון די סטודענטן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן און אין אייראָפּע קומען צום אויסדרוק צוויי דאָמינענטע טרייב־כוחות: די פאָדערונג פאַר דער דעמאָקראַטיזירונג פון די אוניווערזיטעטן און דער ראַדיקאַל־געזעל־שאַפטלעכער „בונט פון דער יוגנט", וואָס האָט זיך זיינע פאַרשידענע בייגעמען, ווי למשל: „היפּיס", „ביטניקעס", „נייער לינקס" אד"גל. אין די פּאַראייניקטע־שטאַטן ווערט מער אונטערגעשטראָכן דער אַלגעמיין־געזעלשאַפטלעכער כאַראַקטער פון דעם בונט, אין אייראָפּע: מער דער מאָטיוו פאַר ענדערן דעם סיסטעם פון העכער בילדונג.

די אַמעריקאַנער אוניווערזיטעטן ליידן נישט פון אַן איבערגעטריבענעם פאָרמאַליזם און עס הערשט אין זיי אַן אַלגעמיין אַמעריקאַנער אַטמאָספער. סטודענטן באַטייליקן זיך אין זייערע אָנפירונגען. דער אַמעריקאַנער פּראָפעסאָר זעט זיך נישט ווי זיין קאָלעגע אין אייראָפּע, אַלס אַ כל יכול און אַלס אַ גע־שווירענער פיינט פון די סטודענטן, וואָס שטרעבט נאָר זיי מכשיל צו זיין. אויך די סטודענטן זעען אים אַלס עלטערן דערפאַרענעם חבר, וואָס וויל זיי דערציִען און בייהילפיק זיין. דער יסוד פון גלייכהייט, וואָס כאַראַקטעריזירט די באַציִונגען צווישן די פּראָפעסאָרן און סטודענטן איז ענג פאַרבונדן מיט דעם סיסטעם פון לערנען אין קליינע גרופּן (פון 10—20); דער גייסט פון גלייכהייט און אינטימישקייט גייט האַנט ביי האַנט מיט אַ לער־פּראָגראַם, וואָס איז נישט איבערגעלאָדן מיט ביבליאָגראַפישע פּרטים און מיט קלאַסישן און פילאָ־זאָפישן וויסן, נאָר פאַרנעמט זיך גיכער מיט אַקטועלע, פאַרשידנאַרטיקע וויסנשאַפט־צווייגן און דערמעגלעכט ברייטערע איניציאַטיוון פאַר אייגענער זעלבסטבילדונג. דעריבער איז נישט קיין וווּנדער, וואָס אין אַזאַ ראַם, פאַר־בלייבט גענוג צייט פאַרן סטודענט צו פאַרנעמען זיך אויך מיט פּאָליטיק.

דער קאַמף פון די סטודענטן קאָנצענטרירט זיך, בכן, בעיקר אַרום דער מלחמה אין וויעטנאַם, פאַר גלייכבאַרעכטיקונג פון די נעגער, פאַר געשלעכט־לעכער פרייהייט און ווייניקער קעגן דעם געבוי פון די אוניווערזיטעטן און זייער ביוראָקראַטיע.

## די דעמאָקראַטיזירונג פון דער בילדונג

אין אייראָפּע ווידער איז דער בונט פון די סטודענטן בעיקר געווענדעט קעגן דער סטרוקטור פון די אוניווערזיטעטן. טיפּיש פאַר דעם בונט פון די סטודענטן אין אייראָפּע איז דער געדאַנק פון אויפשטעלן אַ „קריטישע אוניווער־זיטעט". דער געדאַנק איז געבוירן געוואָרן אין די סטודענטן־מהומות אין

פראַנקרייך אין יאָר 1968. די דאָזיקע דאָקטרין פאָדערט אַ פולשטענדיקע איבערקערעניש אין דעם געבוי פון דעם אוניווערזיטעט, אין זיינע צילן און אַרבעטפאָרמען.

די אָנהענגער פון דער „קריטישער אוניווערזיטעט" זענען קעגן דעם עקזיסטירנדיקן מצב פון דער „אינדוסטריעלער קאָנסומענטן־געזעלשאַפט", וואָס פאַרשקלאַפט פולשטענדיק דעם מענטש; זיי זענען קעגן דער פראָדוקציע לטובת פראָפיטן און זיי וואַרפן אָפּ סיי דעם מערבדיקן און הן דעם מזרחדיקן פראַדוצירסיסטעם. זיי טרעטן שאַרף אַרויס קעגן דער פאַסיווער, אינדיווידואַליסטישער פאַרוויילונגס־קולטור און זיי קעמפן פאַר אַ נייער קולטור, וואָס זאָל באַפרייען דעם מענטש פון דעם „גייעג נאָך זיין פאַרלוירענער צייט". די מענטשלעכע אַרבעט — טענהן זיי — דאַרף באַקומען אַ נייעם זין און מען דאַרף איר באַפרייען פון דער קללה פון דער צעפּיצלונג, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון דער ראַציאָנאַליזאַציע און נוצלעכקייט; די איצטיקע געזעלשאַפט איז געבויט אויף דעם פרינציפ פון צענטראַליזאַציע — אין דערווירטשאַפט, אין דער מלוכהשער אַדמיניסטראַציע, אין די פאַרטייען, אין די פראָפאַראייגען און אויך אין די אוניווערזיטעטן. די צענטראַליזאַציע איז דער מקור פון אַלדאָס שלעכטס. די נויטיקע רעפאָרמען אין דער אוניווערזיטעט וועלן קענען אַדורכגעפירט ווערן נאָר אַלס אַ טייל פון דער ענדערונג פון דעם געבוי און מהות פון דער איצטיקער געזעלשאַפט בכלל.

דער פאָרבאַדינג פאַר דער רעפאָרם פון דער העכער בילדונג — איז די באַנייונג פון דער פאַרבינדונג צווישן דעם אוניווערזיטעט און דער געזעלשאַפט בכלל, צווישן די סטודענטן גופא, צווישן די סטודענטן און די אַרבעטער, צווישן זיי און די קינסטלער. דער קאַמף פאַר געזעלשאַפטלעכע ענדערונגען וועט אין זיין ערשטן עטאַפּ טראָגן אַ נעגאַטיוון כאַראַקטער: אַנטי־גאָליזם, אַנטי־קאָמוניזם און אַנטי־נאַציאָנאַליזם. הגם די סטודענטן האָבן נאָך נישט באַוויזן קלאָר צו דעפינירן זייער אידעיִשן פראָגראַם, קען מען דאָך שוין פעסטשטעלן אייניקע וויכטיקע ריכטליניען.

די סטודענטן זעען זיך אַלס אַ „פּאָליטישע באַוועגונג", וואָס זוכט אַ פרייעם אויסדרוק פאַר אַ נייעם געזעלשאַפטלעכן באַוווסטזיין, כדי צו זיין אַ שותף אין דעם אַלגעמיינעם, געזעלשאַפטלעכן קאַמף. דער צוגאַנג פון דער סטודענטןבאַוועגונג איז אַ רעוואָלוציאָנערער. זי פאָדערט די דעמאָקראַטיזירונג פון דער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, וואָס איז געוואָרן צופיל אַן ענין פון אַ אינסטיטוציע מיט באַאַמטע און וואָס האָט פאַרלוירן איר קאָנטאַקט מיט די אַרבעטנדיקע מאַסן. דער טרעגער פון דעם קאַמף קעגן דער הערשנדיקער אָרדענונג געפינט זיך נישט מער אין די פאַרטייען אָדער פראָפ. פאַראייגען, נאָר אין דער „פאַראייניקונג פון אונטן" פון אַרבעטער און סטודענטן, אין די „אַקציע קאָמיטעטן", צו וועלכע עס געהערן מענטשן פון פאַרשידענעם, געזעלשאַפטלעכן און פּאָלי־

טישן אַפּשטאַם און וועלכע עס פֿאַראייניקט אַ בשותּפֿותדיקער ציל. דער ציל איז צו באַזייטיקן יעדע בירגערלעכע מאַכט און איר פֿאַרבײַטן מיט דער „הער־שאַפֿט פֿון די אַרבעטנדיקע״. די קאַמפּס־וועגן דאַרפֿן זײַן אויסערפּאַרלאַמענ־טאַרישע, אַלגעמיינער שטרייק און די סאָלידאַריטעט צווישן אַרבעטער און סטודענטן.

## דער סינדיקאַליזם פֿון סטודענטן

די סטודענטן באַגנוגענען זיך אָבער נישט מיט זײַן אַ „פּאָליטישע באַ־וועגונג״, וואָס שטרעבט זיך צו פֿאַרזיכערן אַן אומגעשטערטן פּאָליטישן אויס־דרוק (ווי למשל: דאָס רעכט זיך צו באַנוצן מיט די זאַלן פֿון אוניווערזיטעט פֿאַר פֿאַרזאַמלונגען, פֿאַרעפֿנטלעכן באַקאַנטמאַכונגען און אויפֿרופֿן). זיי פֿאָדערן זיך מער צו רעכענען מיט די לעבנס־באַדערפֿענישן פֿון דעם סטודענט און מיט זײַן עקאָנאָמישער לאַגע און ענדערן דעם לער־סיסטעם מיט דעם אַקטיוון אָנטייל פֿון דער אָרגאַניזירטער סטודענטנשאַפֿט. די ברייטע באַזע פֿון דער אָרגאַניזאַציע פֿון די סטודענטן שטרייכט אונטער דעם פּראָפֿעסיאָנעלן כאַראַקטער פֿון דער דאָזיקער אָרג.

דער „טרייד־יוניאָניזם פֿון די משׂכּילים״ איז נישט קיין קאָאָפּעראַטיוועה ווי עס איז די אָרג. פֿון פֿרייע פּראָפֿעסיעס, ער איז אויך נישט קאָנסערוואַטיוו ווי די פּראָפֿ. פֿאַראייניגן פֿון אינדוסטריעלע אַרבעטער. ער האָט אַ ברייטן אידעאָלאָגישן הינטערגרונט וואָס מאַכט צונישט די טענה וועגן דער פּאָליטי־שער אַפּאַטיע פֿון דער יוגנט אין אונדזער צײַט. דער מקור פֿון אָט דער דערשײַנונג איז דער צוגעאײַלטער עקאָנאָמישער וווּקס אין די אינדוסטריעלע לענדער און די וואַקסנדיקע נאָכפֿראַגע פֿאַר קאַדרען פֿון פּראָפֿעסיאָנעלער אינטעליגענץ און געבילדעטע כּוחות.

די סטודענטנשאַפֿט אין די אוניווערזיטעטן איז נישט מער קיין באַגרע־נעצטע עליטע, נאָר אַ גרויסע מעכטיקע מחנה. אין צענטער פֿון זייער קאַמף שטייט די עקאָנאָמישע פֿאָדערונג: צו אָנערקענען דעם סטודענט די רעכט פֿון אַ יונגן אַרבעטער, דאָס רעכט פֿאַר אַ סאָציאַלן אַרבעט־לוין, וואָס זאָל אים דערמעגלעכן צו מאַכן זײַנע סטודיעס. דער סאָציאַלער לוין וועט באַפֿרײַען דעם סטודענט פֿון כלערליי סטיפּענדיעס און עקאָנאָמישע דאגות. דער לוין דאַרף באַשטימט ווערן לויט די שטודיר־פֿעיִקייטן פֿון דעם סטודענט, און פֿאַרזיכערן דעם אויסוואַל פֿון דעם לער־פּראָגראַם אין איינקלאַנג מיט זײַנע פּערזענלעכע נייגונגען און פֿעיִקייטן. די אומאָפּהענגיקייט פֿון דער סטודענטן־אָרגאַניזאַציע צוזאַמען מיט דער ענדערונג פֿון דעם מאַטעריעלן מצב — וועלן פֿאַרזיכערן די זעלבסטשטענדיקייט פֿון דעם סטודענט.

דער צוזאָג אויף נייע מענטשלעכע ווערטן ליגט אין יסוד פון דער „קריטי־שער אוניווערזיטעט", וואָס שאַפט אָפּ די קאָנווענציאָנעלע צעטיילונג צווישן „הומאַניסטישע און מעכאַנישע" לימודים. דער נייער לער־אידעאַל זענען די „מענטשוויסנשאַפטן"", וואָס זענען געבויט אויף אַן אַלזייטיקער אינטעגראַציע, אויף אָפּשאַפן דעם תהום צווישן טעאָריע און פּראַקטיק און אויף דעם פּלעגן אַ נייע באַציונג צו נייע וועלטן: די וועלט פון אַרבעט און די „דריטע" וועלט, וועלכע דאַרפן בילדן די צענטראַלע שטודיר־טעמעס. דער ציל איז, אַז יעדער סטודענט זאָל זיין אַ „מענטש פון טאַט": יעדער אַרבעטער־סטודענט און יעדער לערער־פאָרשער פאַרווירקלעכן זייערע מסקנות בפועל ממש.

דער אוניווערזיטעט דאַרף נישט זיין בלויז אַ אינסטיטוציע פאַר בילדונג, נאָר אויך אַ צענטער פאַר גייסטיקן שאַפן דורך איינשליסן אין דעם לער־פּראָגראַם אַקטיווע קונסט־צווייגן (טעאַטער, מוזיק). די ענדערונג פון תוכן פון די לימודים איז אויך מחייב אַן ענדערונג אין דעם אינסטיטוציאָנעלן געבוי, וואָס וועט מאַכן אַ סוף צו דעם פּאַראַליזש אין וועלכן עס געפינט זיך דער אוניווערזיטעט. די סטודענטן וועלן לערנען אין גרופּן און די קאָנטראָל איבער זיי וועט זיין אַ גרופּן־קאָנטראָל. אויפן אָרט פון די דאָזיקע אוניווערזיטעטן אין די הויפּט־שטעט וועלן אויפגעשטעלט ווערן ראַיאָן־אוניווערזיטעטן אין וועלכע מען וועט לערנען אויפן יסוד פון אַנטשפּרעכנדיקע, עלאַסטישע פּראָגראַמען. עס וועט אויך געענדערט ווערן דער אופן פון אויפנעמען לערער: נישט לעבנס־לענגלעכע נאָמינאַציעס, נאָר פאַרבינדונגען אויפן סמך פון אָפּמאַכן; עס וועלן צוגעלאָזט ווערן לערער נישט־אַקאַדעמיקער, וועלכע צייכענען זיך אויס אויף באַשטימטע געביטן; עס וועלן געעפנט ווערן נייע פאַרש־אינסטיטוטן און די אוניווערזיטעטן וועלן געניסן פון פינאַנסיעלער אומאָפּהענגיקייט. די בודזשעטן פאַר די אוניווערזיטעטן וועלן באַשטימט ווערן דורך אַ באַזונדערער אויטאָריטעט פאַר נאַציאָנאַלער בילדונג.

## דער „נייער לינקס" אין די פאַראייניקטע שטאַטן

בעת דער טרייד־יוניאָניזם פון משכילים אין אייראָפּע איז אַנטשטאַנען אַלס פּראָטעסט קעגן דעם פאַרגליווערטן געבוי פון דער אוניווערזיטעט — האָט זיך די אידעאָלאָגיע פון דעם „נייעם לינקס" אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַנטוויקלט דווקא אין דער ראַם פון אַ פאַרהעלטנישמעסיק דעמאָקראַטישן אוני־ווערזיטעט. דער „נייער לינקס" איז נישט קיין קריסטאַליזירטע אידעיִשע באַ־וועגונג, נאָר אַ משונהדיקער מישמאַש פון סאָציאַליזם, אַנאַרכיזם, פּאַציפיזם, עקזיסטענציאָנאַליזם, באַהעמע און „שוואַרצן נאַציאָנאַליזם". דער קאַמף ווערט געפירט: פאַר גלייכבאַרעכטיקונג פון די נעגער, פאַר אָפּשטעלן די מלחמה אין

וויעטנאַם, קעגן אָרעמקייט, קעגן דער ווילזיין־געזעלשאַפט און קעגן „זאַטקייט פון זאַטקייט". „די סטודענטן לטובת דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט", איינע פון די אָפּצווייגן פון דעם „נייעם לינקס" דעפינירן זייער באַוועגונג אַט אַזוי: „אַ גרויסע באַוועגונג, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט פיל ענינים פון יונגע מענטשן, וואָס לעבן אין דער אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט מיט אַ שאַרפן געפיל פון קריטיק און אין געטריישאַפט צו דעם אידעאַל". לויט דער מיינונג פון די מענטשן פון דער באַוועגונג איז נויטיק צו פאַרטיפן די קעגנערשאַפט פון דעם אַמעריקאַנער פאָלק צו דער מלחמה אין וויעטנאַם — און צו ענלעכע מלחמות אין דער צוקונפט — דורך שאַפן אַן אַנטי־אימפּעריאַליסטישע באַוועגונג. מען דאַרף שאַפן אין די מיטל־שולן און אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן אָרגאַניזאַציעס קעגן מיליטערישן דינסט. דער קאַמף קעגן דעם ראַסיזם פון די „ווייסע" דאַרף געפירט ווערן דורך אַ ראַדיקאַלן אָרגאַניזירטן כוח פון אַרבעטער אין די קוואַרטאַלן פון אָרעמקייט און נויט.

אין דעם „נייעם לינקס" הערשן אויך בולטע עקזיסטענציאַנאַליסטישע טענדענצן. „מען דאַרף אָרגאַניזירן די מענטשן פון דעם מיטלקלאַס — ווערט געזאָגט דורך דעם „נייעם לינקס" — צו אַ קאַמף פאַר באַפרייען זיך פון דער מאַכטלאָזיקייט און אָפּגעפרעמדקייט, וועלכע מיר פילן אין לעבן און אין דער אַרבעט אין אַמעריקע פון די גרויסע געזעלשאַפטן". דער אַנאַרכיסטישער יסוד אין דער אידעאָלאָגיע פון דער באַוועגונג: „סטודענטן לטובת אַ דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט" פירט צו דער נעגאַציע פון אַלץ: פון קאַפּיטאַליזם, פראָפ. פאַראייניגן, בירגערלעכער מאָראַל און צו דעם פּסלען פון דער אַמעריקאַנער מדינה־געזעלשאַפט, אַפילו אין איר ליבעראַלער געשטאַלט.

דער עקסטרעמער „אַנטי־אַמעריקאַניזם", וואָס דערפירט טיילמאָל צו אַ קאָמוניסטישער פּראָ־רוסישער שטעלונג אין דער קאַלטער מלחמה, דריקט זיך אויס אין אַ מין באַוועגונג „פון גיין צום פאָלק". די אַקטיוויסטן פון דער באַוועגונג ווינען ספּעציעל אין די נויט־קוואַרטאַלן, כדי צו דעמאָנסטרירן זייער פּערזענלעכן צושטייער אין דער מלחמה קעגן נויט. אַזוי איז אויך נישט ווייט פון די קרייזן די „פילאָזאָפיע פון טעראָר", ווייל לויט זייער מיינונג איז פאַראַן אין טעראָר אַ לויטערנדיקער און דערלייזנדיקער עלעמענט. פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע דערגרייכונגען בלויז, קענען נישט דינען אַלס באַרעכטיקונג פאַר דעם קיום פון דער באַוועגונג. פּערזענלעכער פּראָטעסט און פּערזענלעכער אַקטיווער ווידערשטאַנד — זיי זענען דער עיקר, ווייל זיי באַפרייען די נשמה, און נישט דווקא דער ווילן צו ענדערן דעם גאַנג פון דער געשיכטע.

# די אידעאָלאָגיע פון דעם נעאָלודיזם

אין דעם באַגינען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג זענען געווען לודיסטן: „צעשטערער פון מאַשינען". בעת דער אינדוסטריעלער קאַפּיטאַליזם האָט געמאַכט זיינע ערשטע שריט פאַרמשפּטנדיק די פאָלקס־מאַסן אויף אַ לעבן פון גרויזאַמער נויט, האָבן די אַרבעטער געפירט זייער קאַמף נישט קעגן דעם מקור פון זייערע ליידן, נאָר גאָר קעגן דעם סימפּטאָם — קעגן דער מאַשין, וואָס האָט זיי אַרויסגעוואָרפן פון דער אַרבעט און זיי פאַראורטיילט צו אַרבעטסלאָזיקייט. אין זייער תמימות האָבן זיי געמיינט, אַז דורך דעם צעבריכן די מאַשינען, וועלן זיי אָפּהאַלטן דעם זיגרייכן מאַרש פון דער נייער עקאָנאָמישער אָרדענונג.

נאָך לאַנגע און ביטערע נסיונות האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז זיי דאַרפן ווענדן זייער קאַמף נישט קעגן די מאַשינען, נאָר קעגן זייערע אייגנטימער.

דער אויפבּרויז פון די נייע ראַדיקאַלן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין אייראָפּע איז אַ מין „נעאָ־לודיזם" אין וועלכן דער עסטאַבלישמענט קומט אויפן אָרט פון דער מאַשין. זיי ווילן צעשטערן דעם גאַנצן געבוי, ד. ה. אַלע פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכן קיום און אויף זיינע חורבות שאַפן אַ נייע אָרדענונג. אַ דייטשער סאָציאָלאָג, העלמוט שעלסקי, האָט פעסטגעשטעלט דריי עטאַפּן אין דער אַנטוויקלונג פון דער יוגנט־באַוועגונג: פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה — „אַ פרייע יוגנט־באַוועגונג"; צווישן ביידע וועלט־מלחמות — אַ „פּאָ־ליטישע" יוגנט־באַוועגונג; נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה איז געקומען די ריי פאַר אַ „צווייפלנדיקער יוגנט", אַ יוגנט וואָס גלויבט נישט, וואָס איז אַנטוישט. דער איצטיקער אויפבּרויז, אָבער, באַצייכנט איר גיכער אַלס אַ „דער־שראָקענעם" און נישט צופרידענעם דור.

דער דאָזיקער דור, וועלכער פּראָטעסטירט קעגן אַ פּעלערהאַפטער דידאַקטיק, קעגן אַ האַרבן רעזשים פון עקזאַמענס, קעגן אַ באַשרענקטן ענג־פּראָפעסיאָנעלן סיסטעם פון אונטעררייכט, קעגן פאַלשער אַפּאָליטישקייט, קעגן דער סודותפולקייט פון דער אוניווערזיטעט־אַדמיניסטראַציע און זיין פאַרש־אַרבעט, קעגן דער איבערגעטריבענער הערשאַפט פון פּראָפעסאָרן האָט"וו פאָדערט איין זאַך: אַז די אַדמיניסטראַציע פון די אוניווערזיטעטן זאָל באַשטיין פון צוויי פאַקטאָרן: פון די לערער און די סטודענטן.

דער פּראָטעסט פון די סטודענטן איז, אָבער, אַ פּראָטעסט פון אַ נישט וויכטיקער גרופּע פון די „קינדער פון ווילזיין", וואָס ווייסן נישט וועגן דער נאַצישער פאַרגאַנגענהייט (ווי אין דייטשלאַנד), האָבן נישט קיין געפיל סיי פון צווייפלהאַפטיקייט און סיי פון קלוגשאַפט, וואָס האָבן כאַראַקטעריזירט דעם דור נאָך דער מלחמה און נישט געקוקט אויף זייער בילדונג — זענען פאַר זיי דאָך פרעמד די סודות פון דער געזעלשאַפטלעכער סטרוקטור. זיי זענען קעגן דעם

„עסטאַבלישמענט״ אָבער זיי ווייסן נישט וואָס פאַר אַ טרייב־כוחות עס באַווירקן זיין טעטיקייט. דערמיט דערקלערט זיך דער מישמאַש פון פאַרשידענע, קעגנגעזעצטע אידעיִשע יסודות; די פאַרגעטערונג פון מאו־טסע־טונג אַלס אַן אַנטיביוראָקראַט מכלומרשט; דער רוף צו אַ „פערמאַנענטער רעוואָלוציע״, די פאַרהערלעכונג פון וויעטקאָנג, וואָס פאַרקערפּערט דעם קאַמף פון אַ קליין פאָלק קעגן אַ גרויסמאַכט און אַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר דעם גורל פון דער „דריטער וועלט״, וואָס גייט אויס אין אָרעמקייט און נויט.

נישט האָבנדיק קיין קאָנסעקווענטע, אידעאָלאָגישע אויפפאַסונג, זעט פאַר זיך דער ברויזנדיקער און דעזאָריענטירטער סטודענטן־ציבור בלויז איין קאָנקרעטן „שׂונא״ — דעם אוניווערזיטעט. ער זוכט כסדר געלעגנהייטן פאַר צוזאַמענשטויסן מיט דער פּאָליציי און גיסט אויס זיין גרימצאָרן — אין דייטשלאַנד — אויף די צייטונגען פון אַקסל שפּרינגער, אין וועלכע ער זעט קאָנקרעטע אויסדריקן פון דעם פאַרהאַסטן „עסטאַבלישמענט״. דער „נעאָלודישער״ ענטפער איז געמישט מיט אַן אינטעלעקטועלן אומווילן צו אַ אידעיִשן, פאַרטיפטן אַנאַליז.

## דער ענטפער פון „דעם זאַטן פון דער זאַטקייט״

דער יוגנט־בונט צייכנט זיך אויס מיט משונהדיקע סימבאָלן און ריטואַלן. צוויי פון זיי זענען די „היפּיס״ און די „ביטניקעס״. די „היפּיס״ לייגן אַכט אויף אַ פאַרביקער עסטעטישער ספּעקטאַקולאַרישקייט; זיי זענען קעגן דעם, אַז מענטשן עלטער פון 30 זאָלן דערפילן וויכטיקע פונקציעס; זיי פלעגן אַ קולט פון בלומען און פרעדיקן אַ לעבן פון פרייד און ליבע. די אויפמערקזאַמקייט פאַר שיינקייט — און פאַר דער שיינקייט פון בלומען באַזונדערס — ווייזט אויף וויפל זיי זענען באַאיינפלוסט פון דער בודאיסטישער פילאָזאָפיע, וואָס האַלט נישט פון קיין מאַטעריעלע ווערטן, פון קאָנקורענץ־קאַמף און פון „דערגרייכן און איבעריאָגן״ ד. ה. פון די יסודות און ווערטן, וואָס זענען דווקא די וויכטיקסטע נאָרמען פון דער ווילזיין־קולטור. דער אָרגיאַסטיש־העדאָניסטישער יסוד צוזאַמען מיט דער עסטעטיש „אַפּאָלונישער״ אויפפאַסונג, זיי גיבן דאָס דעם טעם פון לעבן און נישט דער גייעג נאָך מאַטעריעלער רייכקייט.

די „ביטניקעס״, דאַקעגן, שטרייכן גאָר אונטער אין זייער אויפפירונג דעם אַסקעטישן יסוד. סיי די „היפּיס״ און סיי די „ביטניקעס״ זענען אַנטימאַרקסיסטיש געשטימט. דער מאַרקסיזם איז געבויט אויף דער הויפּט־הנחה פון דער קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל פון איין זייט און אויף דער פאַראָרעמערונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט פון דער אַנדערער; דער אָפּשאַף פון דעם פּריוואַטן באַזיץ — דעם מקור פון אָרעמקייט, — וועט פירן צו אַ געזעלשאַפט אָן קלאַסן פול מיט אַלגעמיינעם ווילזיין. דער פאַרבאַדינג פאַר אַ קלאַסנלאָזער געזעלשאַפט איז גאָר דער

ווּקס פון רײַכקייט אויפן יסוד פון פּראָדוקטיוויטעט און דער אָפּשאַף פון פּריוואַטן באַזיץ וועט נישט האָבן קיין שום זין. די „ביטניקעס" בונטעווען זיך אין מערב ווי אין מזרח. אין מערב — קעגן דעם נעאָקאַפּיטאַליזם, וואָס „קויפט אָפּ" סיי די אַרבעטער און סיי די גאַנצע געזעלשאַפט; אין מזרח — קעגן דעם באָלשעוויזם, וואָס איז לויט ערנסט בלאָקי „אַ שטאַט־קאַפּיטאַליזם אונטער אַ סאָציאַליסטישער מאַסקע"; קעגן אַ נײַעם קלאַס פון הערשער אויף דעם הינטערגרונט פון אויסנוץ און נויט פון די מאַסן.

## די „ביטניקעס" זענען אויסגעשפּראָכענע אַנאַרכאָ־קאָמוניסטן

אָבער נישט ווי דער באָלשעוויסטישער קאָמוניזם האַלטן זיי גאָר פון אָרעמקייט און זענען קעגן דעם וווילזײַן. פון זייער אייגענעם פרײַעם ווילן וווינען זיי אין „סלאָמס" אין די שטעט פון אַמעריקע; זיי פירן אַ ספּאַרטאַנישן לעבנס־שטייגער, זענען מוותר אויף באַקוועמלעכקייטן און געלט („צוליב וואָס — געלט?") און אַרבעט איז נישט פאַר זיי קיין אידעאַל נאָר אַ מיטל צו פאַרזיכערן אַ מינימאַלע עקזיסטענץ.

דאָס פלעגן אַ קולטור פון אָרעמקייט „אָפּגענוצטע שטעק־שיך אויפן אָרט פון אַ גלאַנצנדיקן קאַדילאַק" איז אַ מעכטיקער פּראָטעסט־געשריי קעגן דער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, וואָס איז געבויט אויף אַ געלט־געיעג, אויף אַ פּרעסטיזש־קאָנקורענץ, אויף אַן אומבאַגרענעצטער קאָנסומציע, אויף טעראָר און פאַרברעכערישקייט. דערפון נעמט זיך דער לעבנס־שטייגער פון נאַכלעסיקייט, אומרייניקייט און אומאָרדענונג, וואָס דאַרף אויסדריקן דעם ווידערווילן און אָפּשטויס פון אַ קולטור פון אָנגענומענע קאָנווענצן פון דער וווילזײַן־געזעלשאַפט. קעגן דער „גלאַנצנדיקער מאַלפּע" — אַ צעשויבערטע באָרד, אַנטקעגן דעם „גלאַנץ־מיידל" — אַ שווידערלעכע טשופּרינע, אַנשטאָט דעם געיעג נאָך געלט — אַרומדרייען זיך פּוסט און פּאַסט.

די דאָזיקע אַנאַרכיסטיש־קאָמוניסטישע תורה האָט זיך אויך אירע נעגאַטיווע באַגלייט־דערשיינונגען: דער באַנוץ מיט פאַרשיכורנדיקע סמען, טאָטאַליטאַרע שטימונגען, עקסטרעמער פּאַציפיזם, וואָס גרענעצט מיט אַנטי־פּאַטריאָטיזם. מיר דאַרפן אָבער געדענקען, אַז די „ביטניקעס" זענען אַ לעגיטימער פּראָדוקט פון דער וווילזײַן־געזעלשאַפט און די דאָזיקע באַוועגונג, הגם שוואַך און נישט קריסטאַליזירט, האָט זי דאָך, פאַר זיך פיל מעגלעכקייטן. מיט דער צייט און אין באַשטימטע היסטאָרישע באַדינגונגען קען פון איר ווערן אַ פּאָזיטיווע באַוועגונג. דאָס פּסולת וועט אָפּפאַלן און עס וועט איבערבלײַבן דער איידעלער מעטאַל פון אַ באַנײַטן געזעלשאַפטלעכן סינדיקאַליזם, געבויט אויף אַנטשפּרעכנדיקע אידעאָלאָגישע יסודות.

# דער וועג פון צילבאַוווּסטער פּראָוואָקאַציע

די נייע בונטאַרישע באַוועגונג לייגט נישט אירע האָפענונגען אויף די ברייטע מאַסן. זי האָט זיך אַנטוישט פון דעם אַרבעטער־קלאַס, וואָס געפינט זיך אין אַ פּראָצעס פון ווערן קליין־בירגער אין דער וווילזיין־געזעלשאַפט. צוזאַמען מיט דעם אויפשטייג פון דעם לעבנס־סטאַנדאַרט פון דעם אַרבעטער, זענען זיין לעבנס־שטייגער און מענטאַליטעט געוואָרן מער קאָנסערוואַטיוו. דער אַרבעטער־קלאַס געפינט זיך געפענטעט אין קייטן פון בעל־הבתישער אינדיווידואַליזאַציע און ער האָט פאַרלוירן זיין רעוואָלוציאָנערען ברען. דעריבער גלויבט נישט די נייע בונטאַר־באַוועגונג אין קאָלעקטיווע מאַסן־אַקציעס. פאַרקערט, זי שעצט מער די טעטיקייט פון קליינע גרופּן, וואָס קומען אויף, פאַלן זיך פונאַנדער און שטייגן ווידער אויף אַזױ, נישט ווי אַ קאַדר פון פּראָפעסיאָנעלע, דיסציפּלינירטע רעוואָלוציאָנערן, לויטן נוסח פון לענין, נאָר ווי אַ ברויזנדיקער שטראָם פון ספּאָנטאַנער התלהבות, וואָס האָט נאָך נישט באַוויזן צו געפינען פאַר זיך אויסגעטראָטענע וועגן.

נישט גלויבנדיק אין דעם ווערט פון אָרגאַניזירטע מאַסן־אַקציעס מצד פּאַרטייען און פּראָפ. פאַראיינען האָבן די נייע רעוואָלוציאָנערן אויסגעקליבן אַ נייע שיטה פון קאַמף — דעם וועג פון פּראָוואָקאַציעס, וואָס זענען גורם אַ שאָק און אַן אויפטרייסלונג. קעגן דעם מעכטיקן כוח פון די, וואָס האַלטן די פּאָליטישע מאַכט אין זייערע הענט, קעגן די, וואָס באַשטימען דאָס עקאָנאָמישע לעבן און די עפנטלעכע מיינונג אין לאַנד — פּרוּוון די בונטאַרישע מינדערהייט־גרופּן דורך פּראָוואָקאַציעס און ספּאָנטאַנע אַרויסטריטן „צו דערשיטערן דעם געבוי פון דער פאַרפעסטיקטער הערשאַפט”.

דער בונט איז, אָבער, בעיקר געווענדעט קעגן דער פאַרקאַלעכונג פון דער געזעלשאַפט, קעגן דער פאַרקריפּלונג פון דער פּאָליטישער מאַכט, קעגן דעם אָפּווישן פון געזעלשאַפטלעכע אונטערשיידן מיט דער הילף פון שוחד און בכלל קעגן אַלע פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער דעמאָראַליזאַציע. די סטודענטן זענען קעגן אוישוויץ און קעגן דעם רעזשים פון עקספּלאָאַטאַציע.

אין די מזרח־לענדער איז דער בונט פון די סטודענטן געווענדעט קעגן קאָמוניזם, וואָס איז געבויט אויף אַלגעמיינעם אויסנוץ (נישט אויף פּערזענלעכן ווי דער קאַפּיטאַליזם) און אויף אַ פאַטאַלער מאָנאָפּאָליזירונג פון דער מאַכט; קעגן דעם פאַרוואַנדלען פון דער מדינה אין אַ נייעם קלאַסן־אינסטרומענט; קעגן דער הערשאַפט פון אַ פּריווילעגירטן פּאַרטיי־אַפּאַראַט אין באַדינגונגען פון אַ נויט־ווירטשאַפט. עס שאַפט זיך אַ קאָנפליקט צווישן אַן „אינטעלעקטועלן” קאָמוניזם פון שרייבער און גייסט־מענטשן קעגן דעם „אינסטיטוציאָנירטן” קאָמוניזם פון „הערשער”.

## פראָפ. מאַרקוזע — דער „נביא פון אינטעלעקטועלן ציניזם"

אין אַ צייט פון צעטומלעניש און גייסטיקע בלאָנדזענישן איבער גאָר דער וועלט האָט די תורה פון פראָפ. מאַרקוזע וועגן דער „טאָטאַלער באַפרייונג" און „אוטאָפּישן פּראָגרעסיזם" זוכה געווען אין אַ איבערראַשנדיקן אָפּקלאַנג. פראָפ. מאַרקוזע ווייזט אָן אין זיין תורה אויף דער צרה, וואָס האָט געטראָפן די מענטשלעכע געזעלשאַפט צוליב דעם הערשנדיקן פּראָדוציר־אַפּאַראַט, וואָס צעטײלט די וועלט אויף פונקציעס און אָפּעראַטיווע כוחות און רויבט צו ביי דעם מענטש די פרייהייט פון געדאַנק. די היינטיקע פּראָדוציר־געזעלשאַפט האָט טאַקע שטאַרק געהויבן די פּראָדוקטיוויטעט, אָבער זי העמט די אמתע געזעל־שאַפטלעכע רייכקייט, וואָס קען געשאַפן ווערן נאָר אין אַן אַטמאָספער פון וואַקסנדיקער פערזענלעכער פרייהייט. פראָפ. מאַרקוזע גלויבט — זייענדיק טריי זיין מקור — דעם „לינקן העגעליאַניזם", דעריך, אַז די וויכטיקסטע טרייב־קראַפט פון דער מענטשהייט איז דער פאַרנונפט, דער „האָמאָ סאַפּיענס" און אַז די פּאָליטישע אָרגאַנען זענען באַרופן צו דינען דעם תכלית פון דער געשיכטע.

די געשיכטע איז אַ ריזיקער פּראָצעס פון ווידעראויפבוי לטובת דער זעלבסט־באַפרייונג פון מענטש: דער אמתער ציל פון דער געשיכטע איז: די פאַרווירק־לעכונג פון גייסט און פאַרנונפט. דער דאָזיקער העגעליאַניזם אין זיין עקסטרעמער פאָרעם איז אייגנטלעך דער גלגול פון דער קריסטלעכער אויסלייז־תורה און איר חלום וועגן אַ טאָטאַלער פרייער געזעלשאַפט באחרית הימים. די „ווירקלעכקייט" לויט אים, איז נישט די, וואָס עקזיסטירט, נאָר די וואָס דאַרף זיין. עס זענען, בכן, פאַראַן צוויי „ווירקלעכקייטן": די עקזיסטירנדיקע ווירקלעכקייט אין דער „געגנוואַרט" און די זיך פאָרמירנדיקע ווירקלעכקייט — אַלס ווירקלעכקייט פון דער „צוקונפט". אין איינקלאַנג מיט דער אידעע וועגן אַ צוויימאָסיקער ווירק־לעכקייט, באַשולדיקט מאַרקוזע דעם עוואָלוציאַניסטישן סאָציאַליזם דעריך, וואָס ער האָט באַוווסטזיניק מוותר געווען אויף דער רעוואָלוציע ד. ה. אויף אַן עיקר־יסוד אין דער מאַרקסיסטישער תורה. דער רעוויזיאָניזם, וואָס גלויבט אין אַ פרידלעכן איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צו סאָציאַליזם, איז געוואָרן אַ פּאַרלאַמענטאַרישע באַוועגונג אינערהאַלב דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג און זיך באַפרייט פון „יעדן איבערבלייב פון דעם אוטאָפּישן דענק־אופן".

דער געדאַנקען־גאַנג פון מאַרקוזע, ווערט דווקא באַשטימט פון „די איבער־בלייבן פון דעם אוטאָפּישן דענקען" און, דעריבער, באַרעכטיקט ער רעוואָ־לוציאָנערן טעראָר. די לעגיטימאַציע פאַר אַ רעוואָלוציע ווערט נישט געגעבן דורך דער אונטערדריקונג פון די מאַסן אין זייער דראַנג צו פרייהייט, נאָר דורך דער אידעע פון פּראָגרעס. די עוואָלוציאָנערע באַפרייונג וועט נישט דער־גרייכט ווערן דורך דעם קאַמף פון די אונטערדריקטע און אָפּגעפרעמדטע, נאָר

אַ דאַנק דער טעטיקייט פון די באַפרייטע. פרייהייט איז אַ פאָרבאַדינג פאַר באַפרייונג. זי וועט פאַרווירקלעכט ווערן נאָר מיטן כוח פון פרייע יחידים, וועלכע ליידן נישט פון אונטערדריקונג און זענען נישט פאַראינטערעסירט אין הערשאַפט. די פרייע יחידים בילדן, וואָס אַן אמת, אַ מינדערהייט, אָבער זיי שטעלן מיט זיך פאָר די ממשותדיקע ווירקלעכקייט פון דער צוקונפט און זיי זאָגן אָן דעם זיג פון פאַרנונפט אין דער געשיכטע. די, וואָס באַזיצן דעם מאַנאָפּאָל אויף פאַרנונפט, זיי האָבן דאָס רעכט צו מאַכן אַ רעוואָלוציע. די דאָזיקע מינ־דערהייט האָט אויך דאָס רעכט איינצושטעלן אַ „דערציִערישע דיקטאַטור״; צו לערנען און ווייזן דעם מענטש דעם וועג צו פרייהייט. די מענטשלעכע געזעל־שאַפט, וואָס געפינט זיך אונטער דעם פּרעס פון „קאָנפאָרמיזם״ נויטיקט זיך גאָר אין „אינפאָרמאַציע״. די פאַרשקלאַפטקייט פון דער ווױלזיין־געזעלשאַפט איז גורם דערצו: „אַז מענטשן לעבן און טראַכטן אונטערן דרוק פון פאָרמען און באַציִונגען, וועלכע זענען אויפגעצווינגען געוואָרן אויף זיי״, זיי לעבן אין אַ מצב פון גייסטיקער קנעכטשאַפט און נאָר אויפקלערונג קען געשטאַלטן זייער דענקען אין אַן אַנדער ריכטונג״.

דאָס רעכט צו דערטיילן די נויטיקע „אינפאָרמאַציע״ און פירן די אַנט־שפּרעכנדיקע „אויפקלערונג״ דאַרף זיך געפינען אין די הענט פון דער רעוואָ־לוציאָנערער מינדערהייט, וואָס באַזיצט דעם געפיל פון דעם מאַסשטאַב פאַר דער צוקונפט. דער „אוטאָפּישער פּראָגרעסיזם״ באַרעכטיקט — לויט מאַרקוזע — די מינדערהייט אויפצוצווינגען איר מיינונג אויף דער מערהייט. אומעטום, ווו די געזעלשאַפט איז אַריין אין אַ סטאַדיע פון טאָפּלטער אינדאָקטרינאַציע און אַדמיניסטראַציע, דאָרט האָט אַ קליינע מינדערהייט דאָס רעכט צו טאָן די דאָזיקע אַרבעט און נישט דווקא „אויסגעוויילטע״ פאָרשטייער. די געשיכטע באַרעכטיקט דאָס באַנוצן זיך מיט טעראָר און אונטערדריקונג, טענהט מאַרקוזע, און ער פּרעגט אַ דערשיטערנדיקע פראַגע: „פון ווען־אָן מאַכט מען געשיכטע לויט מאָראַלישע מאָסשטאַבן״? אין אָט דער פראַגע דערגרייכט דער אינטעלעקטועלער ציניזם פון מאַרקוזעס תורה זיין הויכפּונקט.

## פולשטענדיקע אויסגאַנגלאָזע נעגאַציע

פּראָפ. מאַרקוזע איז זייער אַן ערנסטער און טיפער קריטיקער פון דער ווױלזיין־געזעלשאַפט. זיינע טענות קעגן קאָנפאָרמיזם, וואָס מאַכט פון יעדן מענטש אַ קנעכט פון דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאַפט; קעגן דעם פאַר־וואַנדלען איכות אין כמות אד״גל, זענען וואָגיקע טענות. דאָס אויפווייזן, אַז דער קולטורעלער און קלאַסן־„פּלוראַליזם״ אין דער היינטיקער געזעלשאַפט איז פּשוט אַ פיקציע — אַנטשפּרעכט דעם אמת.

די ווילזיין־געזעלשאַפט איז די ערע פון דעם מענטש אַלס אַ „פריילעכער ראַבאַט״, וואָס געניסט פון אַ עטאַבלירטער, סוחרישער צעלאָזנקייט און פון דער לאָזונג: „לאָמיר עסן און טרינקען, ווייל מאָרגן וועלן מיר שטאַרבן״. אויף דעם קאָנטינענט, וואָס איז אָנגעפילט מיט רייכקייט און דעליקאַטעסן עקזיסטירן „נויט־אינדזלען״ פון „אַרבעטער, אָנגעטוענע אין שמאַטעס״ פון באַעוולטע מינדערהייטן און ראַסן אאַז״וו. אין אַזאַ געזעלשאַפט, אין וועלכער עס עקזיסטירט נישט קיין ערנסטע „אָפּאָזיציע״ — איז זיכער בונט פון דער יוגנט דער איינציקער רעוואָלוציאָנערער סימן. דער איינמאָסשטאַביקער מענטש — איז לויט מאַרקוזע — אַ שאָקירנדיקע ווירקלעכקייט. אָבער אויך זיין מסקנה וועגן „צווייִמאָסשטאַביקייט״ טראָגט נישט מיט זיך קיין גוטע בשׂורות.

די תורה וועגן „צווייִמאָסשטאַביקייט״ איז נישט בכוח צו פאַרוואַרפן אַ בריק צווישן דער קעגנוואַרט און דער צוקונפט, צווישן דער קריטיק פון דער מאַסן־קאָנסום־געזעלשאַפט און דער אויסזיכט פון אַ שעפערישער פרייהייט־געזעלשאַפט. „די צוקונפטיקע געזעלשאַפט לאָזט זיך נאָך נישט דעפינירן און פעסטשטעלן״ — זאָגט מאַרקוזע. זי פאַרבעסערט נישט קיין שום זאַך, זי ווייזט נישט אָן אויף קיין שום דערגרייכונג און זי באַגנוגנט זיך פאַקטיש מיט טאָטאַלער נעגאַציע. אַחוץ דעם היתר זיך צו באַנוצן מיט רעוואָלוציאָנערן טעראָר, וואָס אָנערקענט נישט קיין שום מאָראַלישע פרינציפּן, האָט די אוטאָפּישע, צוקונפטיקע פרייהייט־געזעלשאַפט פון מאַרקוזע קיין שום קלאָרע קען־צייכנס.

אין דער נייער אָרדענונג אָן אונטערדריקונג, לויט דער וויזיע פון מאַרקוזע, וועט דער פולער עראָס הערשן אויף אַלע געביטן פון לעבן אַלס דער אויסדרוק פון שיינקייט, האַרמאָניע און שלום. אָבער, אין דער אָרדענונג וועט די סטאַטיק האָבן די אויבערהאַנט איבער דער דינאַמיק. דער עראָס איז אַ געמיש פון זינלעכקייט, שפּיל און געזאַנג. אין אַ געזעלשאַפט פון אונטערדריקונג איז אַ מענטש אויסגעשטעלט אויף דער געפאַר פון פאַרלירן זיינע גייסטיקע כלי־זין, ווייל ער וועט נישט דאַרפן זיך אַקטיוו באַטייליקן אין דעם קאַמף פאַר זיין עקאָנאָמישער עקזיסטענץ. די פאַרווירקלעכונג פון דעם פילאָזאָפישן עקספרימענט וועט דורכפאַלן צוליב דעם, וואָס עס איז בכלל אוממעגלעך, אַז אַ מענטש זאָל דערגרייכן זיין פולע שלימות, אַפילו אין אַ פרייהייט־געזעלשאַפט. גראַדע אין דעם קאַמף פאַרן קיום אַנטפּלעקט זיך די אמתע הומאַנישקייט און פאַרנונפטיקייט. דווקא דער גייסטיקער מאָמענט, דווקא דאָס געפיל פון אומפולקאָמקייט פון מענטש אויף דער וועלט און דער באַוווסטזיין אין דער אוממעגלעכקייט פון אַ אידעאַלער גייסט־קעניגרייך — דווקא זיי גיבן דאָס דעם טעם פון דעם מענטשלעכן לעבן.

אין דער לעצטער מסקנה דערגייט מאַרקוזע צו דער קריסטלעכער אוטאָפּיע, וועגן מבטל מאַכן דעם „חטא קדמון״ און וועגן אַ טאָטאַלע איבערקערעניש אין

דעם מענטשלעכן זיין. די אוטאָפּיע איז אָבער איראַציאָנעל, און נישט ראַציאָנעל, ווי מאַרקוזע מיינט.

## אַ „לייכטער" און „שווערער" סאָציאַליזם

די בונטאַרישע סטודענטן האָבן זיך, אָבער, באַוווסטזיניק אָדער אומבאַ־וווסטזיניק צוגעאייגנט די תורה פון מאַרקוזע און האָבן איר אָנגענומען ווי אַ קעמפּערישע אידעאָלאָגיע. ווי מען זאָל זיך נישט באַציִען צו מאַרקוזעס תורה — איין זאַך איז זיכער: זי זאָגט אָן דעם ווידעראויפלעב פון דער אידעאָ־לאָגיע. אידעאָלאָגישע סיסטעמען נידערן אַראָפּ פון דעם הויכן אָלימפּ און דרינגען אַריין אין דעם עמק הבכא פון ברויזנדיקע, בונטאַרישע יוגנט־מאַסן.

דער זיווג צווישן דער תורה פון מאַרקוזע און אַ קעמפּערישער געזעלשאַפט־לעכער באַוועגונג איז נישט דער איינציקער סימן פון דעם ווידעראויפלעב פון דער אידעאָלאָגיע. די סאָציאַליסטישע מחנה איבער גאָר דער וועלט רעווידירט אַלטע אמתן, אַנאַליזירט נייע פאַקטן און באַמיט זיך ציִען פון זיי אידעאָלאָגישע מסקנות. דער תוך פון די אַלע זוכענישן איז דער באַוווסטזיין, אַז דאָס ענדערן די געזעלשאַפט איז נישט קיין לייכטע מלאכה.

דער סאָציאַליזם געפינט זיך אין אַ לאַגע פון אַ קריזיס אין דער פּאַרלאַ־מענטאַרישער דעמאָקראַטיע. עס אַנטוויקלט זיך אַ נייע פאָרעם פון דעמאָקראַטיע פון אַ״ג „קאָמפּעטענטער דעמאָקראַטיע", וואָס פירט אַריבער דעם צענטער פון אַנטשיידונגען פון דעם פּאַרלאַמענט צו דער רעגירונג און צו אַפּאַראַטן — די מעכטיקע דרוק־גרופּן. דער אַרבעטער־קלאַס באַקומט, וואָס אַן אמת — אַ חלק פון דעם נאַציאָנאַלן קיכל, אָבער, די וווילזיין־געזעלשאַפט איז נישט מבטל די קלאַסן־קעגנזאַצן און שאַפט גאָר נייע קאָנפליקטן. דער קאַפּיטאַל, למשל, איז מסוגל צונישטצומאַכן די השפעה פון לוין־העכערונגען דורך כלערליי אינ־פלאַציאָניסטישע קונצן. די לוין־קאַמפן פאַרלירן זייער חשיבות צוליב דעם, וואָס די אַנטשיידונג געפינט זיך אין די הענט פון דער אַדמיניסטראַציע פון די אונטער־נעמונגען. דער לוין איז אַ פונקציע פון דער אַלגעמיינער עקאָנאָמישער פּאָליטיק, אָבער דער אַרבעטער האָט נישט קיין איינפלוס אויף אירע ריכטליניען. אַן אַרבעטער וואָס געפינט זיך אין אַ מצב פון אָפּהענגיקייט און ליידט פון אַ געפיל פון אָפּגעפרעמדקייט אין דער אַרבעט איז אַזאַ זאַך נישט ווייניקער האַרב און ווייטיקלעך ווי אַ אומגערעכטער לוין. מער ווי ער איז געטראָפן פון דעם אומרעכט לגבי זיין לוין, ליידט ער פון די באַדינגונגען פון זיין אַרבעט. אַלס רעזולטאַט פון אַ פאַרקלענערטן אַרבעט־טאָג איז ממילא געוואַקסן די פרייע צייט, וואָס שטייט אין רשות פון דעם אַרבעטער. די וווילזיין־געזעלשאַפט נוצט טאַקע אויס דעם פאַקט דורך כלערליי רעקלאַמע־טריקן, כדי אַרויסצורופן קינסט־

לעכע געברויך־באַדערפעניש בײַ דעם אַרבעטנדיקן מענטש, מאַכנדיק אים עקאָ־נאָמיש שוואַכער און גײַסטיק אָרעמער. אויפן פּאַן פון אָט דער ווירקלעכקײט שטייען פאַרן אַרבעטער־קלאַס נײַע אויפגאַבן, ווי למשל: דער אָנטייל פון אַרבעטער אין דער אָנפירונג פון די אונטערנעמונגען, עקאָנאָמישע דעמאָקראַטיע, די באַטייליקונג פון די פּראָפ. פאַראײנען אין וויכטיקע אָנטשיידונגען אאַז״וו.

בקיצור, עס פאָדערט זיך אַ נײַע סטראַטעגיע אין קאַמף קעגן דעם קאַפּי־טאַליזם. עס איז אַוועק די צײַט פון דעם קלאַסישן טרײַדיוניאָניזם און אויף זײַן אָרט דאַרף קומען אַ מין „נעאָסינדיקאַליזם״. פּונקט אַזוי פאָדערט זיך אַ בײַער טיפּ פון אַ פּאָליטישער פּאַרטײַ, וואָס איז געבויט אויף דער איניציאַטיווערײַכער טעטיקײַט אין די עלעמענטאַרע קעמערלעך און נײַע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַ־ניזיר־פאָרמען.

פּונקט ווי די ווױלזײַן־געזעלשאַפט האָט נישט אָפּגעשאַפט די קלאַסן, זי האָט נאָר געענדערט זייער אויסזען, פּונקט אַזוי האָט זי נישט ליקווידירט די „פּאָליטיזאַציע״, וואָס איז אַ נויטווענדיקער באַשטאַנדטייל פון אַ קלאַסן־געזעלשאַפט.

אמת, אין אַ פּלוראַליסטישער געזעלשאַפט הערשט אַ גרויסע צעשפּליטערונג צווישן שיכטן, אינטערעסענטן־גרופּן און סטאַטוס־אײנהייטן און דער קלאַסן־קאַמף אין איר ווערט נישט געפירט אויפן וועג פון „שוץ־גרובן״ נאָר ווי אַ „באַוועגלעכער אומגעאָרדנטער קאַמף״, פונדעסטוועגן פירן די פּאַרטייען זייערע קאַמפן אויפן יסוד פון אידעאָלאָגישע ריכטליניען.

## די אַנטאַגאָניסטישע געזעלשאַפט

עס זענען פאַראַן גענוג אַרגומענטן קעגן די חסידים „פון דעם סוף פון דער אידעאָלאָגיע״. דער בעסטער אַרגומענט איז: די גוואַלדיקע געשעענישן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין לעצטן יאָר. די מאַי־איבערקערעניש אין פראַנקרײַך האָט באַוויזן — נישט געקוקט אויפן דורכפאַל — דעם פאַראײניקטן כוח פון אַרבעטער און אינטעליגענץ און זייער ווילן צו מאַכן אַ סוף צו דעם פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן רעזשים פון דע־גאָל.

די מאַסן זענען מאָביליזירט געוואָרן בעיקר מיט דער הילף פון סאָציאַליס־טישע לאָזונגען. ווען נישט די אומדערלאָזבאַרע האַלטונג פון דער קאָמוניס־טישער פּאַרטײַ, וואָס האָט זיך אונטערגעוואָרפן דעם דיקטאַט פון מאָסקווע, און דער אַקטיווער אַרײַנמיש פון מיליטער — ווער ווייס ווי די ענינים וואָלטן זיך ווײַטער אַנטוויקלט. אויב עס איז דערלויבט אַ פאַרגלײַך מיט דער פּאַריזער קאָמונע, דאַן לערנט די דערפאַרונג, אַז אָן אַ קלאָר דעפינירטער אידעאָלאָגיע און אָן אַן אָרגאַניזירטן פּאָליטישן כוח — איז נישטאָ קיין אויסזיכט אָפּצושאַפן

די עקזיסטירנדיקע אָרדענונג. די געשעענישן האָבן באַוויזן די שוואַכקייט פון דעם דעמאָקראַטישן צעשפּליטערטן סאָציאַליזם, וואָס האָט נישט געוווּסט צו ריכטן דעם ספּאָנטאַנעם אויפבּרויז אויף דעם געהעריקן וועג. פון דעם דורכפאַל וועלן די מנהיגים און מאַסן לערנען אַ מוסר־השכל. די קלאַסן־פראָנטן זענען — קלאָר; די כּוחות־פאַרהעלטעניש — באַשטימט; דער ברענפּונקט פון די קאָנ־פליקטן — באַוווּסט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אידעאָלאָגיע איז אַ וויכ־טיקער כּלי־זין, אַז דער קלאַסן־קעגנזאַץ איז וויטאַל, אַז די פּאָליטישע פּאַרטייען זענען אַ איינפלוסרייכער פאַקטאָר און אַז דער באַוווּסטזיין פון די מאַסן און זייער ספּאָנטאַנע איניציאַטיוו זענען מעכטיקע כּוחות אין דעם געראַנגל פאַר אַ בעסערער וועלט.

דער ווידעראויפלעב פון דער אידעאָלאָגיע איז געשטאַרקט געוואָרן דורך צוויי עקסטרעמע קעגנזעצלעכע דערשיינונגען: אין שוועדן האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אַפילו אין אַ ווויליזיין־געזעלשאַפט מיט אַ הויכן סטאַנדאַרט — שפּילט דער פּאָליטיש־סאָציאַלער פאַקטאָר אַ גרויסע ראָלע. דער נצחון פון דער שוועדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט באַוויזן ווי גרונטלאָז עס איז די מיינונג וועגן „דער מידקייט פון סאָציאַליזם" נאָך צענדליקער יאָרן פון סאָציאַליסטישער הערשאַפט. דער פּראָגראַם פון ראַדיקאַלע, געזעלשאַפטלעכע רעפאָרמען, אַ קאָנ־סעקווענטע אויסערן־פּאָליטיק, אַ קלאָרע שטעלונג פון סימפּאַטיע מיט דעם טשעכישן פאָלק נאָך דער סאָוויעטישער אינוואַזיע — דאָס אַלץ האָט געבראַכט דעם נצחון. אין דייטשלאַנד, ווידער, באַווייזט דער אויפשטייג פון נעאָנאַציזם, וואָס פאַר אַ רעגרעסיווער פּאָטענציאַל און וואָס פאַר אַ שטאַרקע רעאַקציאָנערע כּוחות עס שלומערן אין אָט דעם לאַנד, וואָס באַדראָען די צוקונפט פון דער דייטשער דעמאָקראַטיע.

דער אויפשטאַנד אין טשעכאָסלאָוואַקיע צייכנט אָן אַ נייעם וועג פון קאָמוּ־ניזם, פון אַ קאָמוניזם פון גלייכהייט און פרייהייט צוגלייך. אין דעם דאָזיקן אויפשטאַנד איז באַזונדערס געוועזן קאָנטיק דער צושטייער פון „אידעאָלאָגישע" גייסט־מענטשן. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט פּלאַצן אויך טראַדיציאָנעלע פּאַרטיי־סטרוקטורן.

אחרון־אחרון: דער וואַל־קאַמפּיין צו דער פּרעזידענטשאַפט אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן האָט אָפּגעשפּיגלט די טיפע אויפטרייסלונגען אין דעם דאָזיקן לאַנד. אַ ריי פּראָבלעמען באַאומרויִקן די בירגער פון אַמעריקע: די וואַקסנדיקע פאַרברעכערישקייט, די נעגער און די מלחמה אין וויעטנאַם.

די עקזיסטירנדיקע פּאָליטישע סטרוקטור האָט געליטן אייניקע שטאַרקע קלעפּ: עס איז דערשינען דער רעכטער פּאָפּוליסטישער, ראַסיסטישער בלאָק פון וואַלאַס, וועלכער שטרעבט אויפצושטעלן אַ „דריטע פּאַרטיי" און מאַכן אַ סוף צו דעם צוויי־פּאַרטיי־סיסטעם; די טראַדיציאָנעלע קאָאַליציע פון דער דעמאָ־

קראַטישער פּאַרטיי איז דערשיטערט געוואָרן, נאָך דעם, ווי די דערפער און שטעטלעך אין דרום האָבן זיך פאַראייניקט מיט זייערע נאָענטע אין צפון און פאַרזיכערט דעם זיג פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי; פיל אַרבעטער האָבן נישט נאָר געשטימט פאַר די רעפּובליקאַנער, נאָר אויך פאַר וואַלאַסן. די פּראָפ. באַוועגונג האָט זיך איבערצייגט דעריך, אַז אַפילו לטובת זייער קיום אַלס אַ דרוק־גרופּע, איז זי מחייב צו פלעגן אַ „פּאָליטישן קלאַסן־באַוווסטזיין” צווישן אירע חברים. עס איז נאָך פריצייטיק צו ציִען אַנטגילטיקע מסקנות. אָבער איין זאַך איז זיכער: די פּלוראַליסטישע געזעלשאַפט אין די פאַראייניקטע שטאַטן געפינט זיך אין אַן איבערגאַנגס־תקופה און אַז אין דער נאָענטער אָדער ווייטערדיקער צוקונפט, וועלן זיך דאָרט אויסקריסטאַליזירן נייע פּאַרטייִשע פראָנטן מיט אַ מער סאָציאַלן און אידעאָלאָגישן אונטערשלאַג און דער באַרימטער „אַמעריקאַנער פּראַגמאַטיזם” וועט מער נישט קענען דינען אַלס צויבער פאַר אַלץ.

אַ וועלט אין אַן איבערגאַנס־צייט איז גורם פאַרשידענע און משונהדיקע דערשיינונגען. עס איז אַ באַקאַנטער כלל, אַז דער טעמפּאָ פון געזעלשאַפטלעכע ענדערונגען איז גיכער, ווי זיי שפּיגלען זיך אָפּ אין די מוחות פון מענטשן. מעכטיקע כוחות פון אינערציע, כלערליי מכשולים און העמונגען האַלטן אָפּ דעם וווּקס פון אַ נייעם געזעלשאַפטלעכן באַוווּסטזיין. אָבער דער דרוק פון די באַדערפענישן און נויטן טוט זיינס. דאָס איז אַ לאַנגדויערנדיקער פּראָצעס. ביז היינט האָט מען נישט געפינען קיין אַנדערן וועג פאַר דער אַנטוויקלונג און פאָרשריט פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט ווי דעם וועג פון געזעלשאַפטלעכע אידעאָלאָגיעס און פּאָליטישע פּאַרטייען, וועלכע פאַרווירקלעכן די נייע שטרעבונגען, וואָס ווירקן אין די טיפענישן פון מענטשלעכן לעבן. דאָס בוך „דער אונטערגאַנג פון דער אידעאָלאָגיע” פון דניאל בעל איז געשריבן אין יאָר 1960 און נאָך איידער עס האָט דערזען די ליכטיקע שײַן — האָבן זיך אָנגעהויבן די אויפטרייסלונגען אין דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט און באַוויזן ווי ווייט אַלע הנחות פון בעל זענען פאַלש און גרונטלאָז.

## אוטאָפּיע און אידעאָלאָגיע

ווען מען לייענט ערנסט אַדורך דעם לעצטן קאַפּיטל פון דעם בוך „דער סוף פון אידעאָלאָגיע” זעט מען, אַז דער מחבר פון דעם בוך, דניאל בעל, איז גאָרנישט אויסן געווען דעם סוף פון דער אידעאָלאָגיע, נאָר דעם סוף פון באַשטימטע אידעאָלאָגיעס. עס שטעלט זיך אַרויס, אַז בעל — פּונקט ווי מאַנהיים — מאַכט אַ וועזנטלעכן אונטערשייד צווישן אידעאָלאָגיע און אוטאָפּיע. עס זענען פאַראַן פיל סיבות פאַר דער אַנטוויקלונג פון אידעען, פּאַרטייען, פּאָליטיק: דער פאַשיזם, דער דזשענאָסייד — דער מאָרד פון פעלקער, וואָס

איז אַדורכגעפירט געוואָרן דורך די נאַציס, דער באַנקראָט פון דעם רוסישן קאָמוניזם, דער גרויל פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — זיי אַלע האָבן געקענט גורם זיין אַ טיפע אַנטוישונג, אָבער זיי זענען נישט ביכולת מבטל צו מאַכן די גוואַלדיקע חשיבות פון אידעאָלאָגיע אין מענטשלעכן, געזעלשאַפטלעכן לעבן.

עס שטעלט זיך, דעריבער, די פראַגע: וואָס פאַרשטייען מיר אונטער דעם נאָמען: „אידעאָלאָגיע״? אַמאָל האָט מען דעפינירט אידעאָלאָגיע אַלס אַ תורה פון אידעען און געדאַנקען. נאַפּאָלעאָן האָט זיך באַנוצט מיט דעם באַגריף אידעאָלאָגיע אַלס אַ שימף־וואָרט קעגן די רעפּובליקאַנישע דענקער, וועלכע זענען געווען קעגן דעם רעזשים פון קיסר.

ביי מאַרקסן האָט דער באַגריף „אידעאָלאָגיע״ פיל באַדייטן: 1) „דייטשע אידעאָלאָגיע״ — מיינט ביי אים אַ פילאָזאָפישן אידעאַליזם, אַ אויטאָנאָמען סיסטעם פון געדאַנקען און דער „אידעאָלאָג״ איז ביי אים אַ מענטש, וואָס איז מסוגל צו אַנטדעקן אמתן און אויפווייזן די „פאַלשקייט פון אָנגענומענע מיינונ־גען״. 2) „אידעאָלאָגיע״ אַלס אַ מאַסקע פאַר געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן, ווי למשל: די אידעאָלאָגיע וועגן „די רעכט פון דער נאַטור״, וועמענס איינציקע כוונה איז צו באַגרינדן די פרייהייט פון בירגערלעכן אייגנטום. 3) אידעאָ־לאָגיע — אַלס אַ לאָגישע באַגרינדונג פון אַן „אָביעקטיוון״ אינטערעס, וועמען זי דינט. 4) אַ סעלעקטיווער צוגאַנג צו אידעאָלאָגיעס; וואָס פאַר אַן אינטערעס דינט זי: די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע אָדער די אינטערעסן פון פּראָ־לעטאַריאַט.

לויט קאַרל מאַנהיים זענען פאַראַן צוויי קאַטעגאָריעס פון אידעאָלאָגיע: איינע לטובת דער פאַרטיידיקונג פון דעם עקזיסטירנדיקן מצב — „די טאָפּיע״ און אַן אַנדערע — לטובת דער שאַפונג פון אַ נייעם מצב, וואָס עקזיסטירט נאָך נישט — „אוטאָפּיע״. עס זענען דאָ נאָך אַנדערע קריטעריומס פאַר אידעע־אָלאָגיע. אין אַלגעמיין ווערט אידעאָלאָגיע באַטראַכט אַלס אַ ראַציאָנעל קונסט־ווערק. עס זענען אָבער אויך פאַראַן אידעאָלאָגיעס, וואָס זענען געבויט אויף נישט ראַציאָנעלע מיטאָסן (ווי למשל: די אידעאָלאָגיע וועגן אַמעריקאַנער, וועגן פאַשיזם אאַז״וו).

אידעאָלאָגיעס טיילט מען אויך אויף „פּאַרטיקולערע״ און „טאָטאַלע״. די פּאַרטיקולערע אידעאָלאָגיע — איז די אידעאָלאָגיע פון אינטערעסענטן־גרופּן (סטאַטוס, עטנישער אָפּשטאַם, פאַך) און זי באַשטייט פון ווערטן און אינטערעסן. דאַקעגן שטעלט מיט זיך פאַר די „טאָטאַלע״ אידעאָלאָגיע אַ שיטה פון געדאַנקען וועגן דער געזעלשאַפטלעכער ווירקלעכקייט און פון אַ ווילן פולשטענדיק צו ענדערן דעם איצטיקן מצב און די הערשנדיקע כוחות אין אים. אַזאַ אידעאָלאָגיע איז אַ מין נייע וועלטלעכע רעליגיע.

קאַרל מאַנהיים מאַכט נאָך אַ אונטערשייד צווישן אַן „אָפענער״ און „גע־

שלאָססענער" אידעאָלאָגיע. די ערשטע איז תמיד גרייט אויפצונעמען נייע ווערטן און זיך צופּאַסן צו נייע סיטואַציעס אויפן וועג פון פשרות צווישן דעם אַלטע און דעם נייעם. די צווייטע, דאַקעגן, איז פאַרמאַכט און טויב און צייכנט זיך אויס מיט איר קאָנסערוואַטיוון, אָרטאָדאָקסאַלן גייסט און מיט איר קעגנערשאַפט צו יעדער נייער דערשיינונג.

דניאל בעל איז אויסן געווען צו באַווייזן, אַז די דערפאַרונג פון אונדזער צייט האָט באַשטעטיקט דעם סוף פון די „טאָטאַלע" אידעאָלאָגיעס, וואָס טראָגן דעם חותם פון אַ „וועלטלעכער רעליגיע", וואָס זענען „געשלאָסן" און פלעגן טיילמאָל אַ „רעוואָלוציאָנערן" און טיילמאָל אַ קאָנסערוואַטיוון פונדאַמענטאַליזם. עס האָט אַנטוישט די „טאָפּישע" אידעאָלאָגיע, וואָס פאַראייביקט עקזיסטירנדיקע סיטואַציעס, אָבער לויט בעל איז דאָ פּלאַץ פאַר אַ אידעאָלאָגיע, וואָס איז נישט משלים מיט דעם איצטיקן מצב, מיט דעם „עסטאַבלישמענט" און ווייזט אָן אויף דער נויטווענדיקייט פון אַ נייער אוטאָפּיע.

פאַר אַ „נייעם לינקס", וואָס איז מותר אויף דער עפּאָקאַליפּטישקייט פון משיחישע וויזיעס, וואָס וואַרפט אָפּ די רעטאָריק פון אַ פּסעוודאָ־רעוואָלוציאָנערן געפּלאַפּל און וואָס קעמפט פאַר אַ זאַכלעכן קריטישן סטיל — פאַר אַזאַ „נייעם לינקס", איז דאָ אָרט. דער „נייער לינקס" באַזיצט כוחות און ענערגיע, ער האָט אָבער נישט קיין קלאָרע צילן. די נייע סאָציאַליסטישע אוטאָפּיע דאַרף ענטפערן אויף די פראַגן: „וווּהין" ? „וויאַזוי" ? „ווער" ?. דער „נייער לינקס" דאַרף געבן דעם סאָציאַליזם אַ נייעם זין אויפן געביט פון אַנטי־ביוראָקראַטיזם דעמאָקראַטישער פּלאַנירונג, דעמאָקראַטישער, עקאָנאָמישער און געזעלשאַפטלעכער קאָנטראָל. די באַנייונג פון סאָציאַליזם פאָדערט אַ נייע באַטראַכטונג פון די פּראָבלעמען און זייערע לייזונגען און דעם אָפּשאַף פון דעם טראַדיציאָנעלן צעטייל אויף „רעכטס" און „לינקס" אין דער סאָציאַליסטישער מחנה. די סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגיע פון דעם „נייעם לינקס" דאַרף זיין אַן „אָפּענע" און נישט אַ „געשלאָסענע", אַ „טיילווייזע" און נישט אַ „טאָטאַלע", אַ „ראַציאָנעלע און נישט אַ „מיטאָלאָגישע".

## דער ישראלדיקער אַרויסרוף

יידישע משכילים אין די גלות־לענדער באַטייליקן זיך גאַנץ קאָנטיק אין די פאַרשידענע בונטאַרישע באַוועגונגען. איז ישראל מסוגל פאַרצושלאָגן לייזונגען צו דער יידישער און אַלמענטשלעכער נויט? די גאַנצע מענטשהייט געפינט זיך אין אַ מצב פון צעטומלעניש. איז דען פאַראַן אַ אויסגאַנג פון אַט דעם מצב אין דער זיך באַנייענדיקער ישראלדיקער געזעלשאַפט? מיר מיינען אַז יאָ.

מיר בויען אין ישראל אַ געזעלשאַפט פון פרייהייט, גלייכהייט און וווילשטאַנד. די אידעאָלאָגיע פון דער אַרבעט־באַוועגונג אין ישראל איז געבויט אויף דעם יסוד פון קאָנסום־באַשרענקונג. דער דאָזיקער פרינציפּ ווערט אין אַ גרויסער מאָס פאַרווירקלעכט אין קיבוץ, וויינִיקער: אין דער אַלגעמיינער ישראלדיקער געזעלשאַפט. די געברויך־באַשרעקונג דריקט זיך אויס אין דעם באַפאָרצוגן געזעלשאַפטלעכע באַדערפעניִשן און די אויסגאַבן לטובת בילדונג, דערציונג און קולטור איבער פערזענלעכע געברויך־מיטלען. די ישראלדיקע אַרבעט־באַוועגונג דערציט אַ „נייעם מענטש", אָבער ער איז ווייט פון דעם „נייעם מענטש" פון מאַרקוזע. ער איז נישט עפּעס אַ רעפלעקס פון דער ווייטער צוקונפט, נאָר אַ ממשותדיקע, זיך בויענדיקע, העראָישע פערזענלעכקייט.

די געזעלשאַפטלעכע און עקאָנאָמישע אָרדענונג אין ישראל איז געבויט אויף די יסודות פון פלוראַליזם, פון אמתן פלוראַליזם. זי דערמעגלעכט יעדן מענטש צו אַנטוויקלען זיינע אינערלעכע כוחות. דאָס קאָלאָניזירן אַ וויסט לאַנד, דער חלוציזם, די פאַרשידענע נייע לעבנס־פאָרמען, די פרייהייט פון עקספּערימענט און פאַרווירקלעכונג, די קאָנקורענץ צווישן פאַרשידענע סעקטאָרן, סאָציאַליסטישע, מלוכהשע און פּריוואַטע — דאָס אַלץ געשטאַלטיקט אַ פאַרבנרייכע, שעפערישע געזעלשאַפט.

הגם די ישראלדיקע געזעלשאַפט איז אַ פלוראַליסטישע, איז זי אין דער זעלבער צייט, אויך אַ אידעאָלאָגישע. פאַרשידענע אידעיִשע פּראָגראַמען האָבן אַ גרויסן איינפלוס אויפן לעבן פון מענטש און פון דער געזעלשאַפט. די אידעאָלאָגיעס זענען נישט קיין „געשלאָסענע" און „טאָטאַלע", נאָר „אָפענע" און „טאָלעראַנטע", זיי ענדערן זיך, נעמען אויף שטרעמונגען אין איינקלאַנג מיט די באַדינגונגען פון דער צייט און בלייבן טריי די ווערטן פון דעם עבר.

ישראל איז אַ לאַנד, וווּ עס ווערן פאַרווירקלעכט אוטאָפּיעס. די ישראלדיקע סאָציאַליסטישע אוטאָפּיע באַשטייט פון פיל יסודות און צוויי זענען זייער קענ־צייכנס:

1. דער ערנסטער אָנשטרענג גובר צו זיין דעם געפיל פון „אָפּגעפרעמדקייט" אין דער אַרבעט און אין לעבן.

2. דער קאַמף פאַר „דער קאָנטראָל פון די אַרבעטער" איבער זייער אַרבעט אין עקאָנאָמישע אונטערנעמונגען. דער ישראלדיקער קיבוץ איז די „מיקראָאוטאָפּיע" און „חברת־עובדים" די „מאַקראָ־אוטאָפּיע" פון דער ישראלדיקער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־ווירטשאַפט.

הגם די ישראלדיקע געזעלשאַפט איז אַ אידעאָלאָגישע, ווייל פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אוטאָפּיעס ווירקן און באַווירקן איר, ליידט זי דאָך נישט פון סטאַגנאַציע, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדן עסטאַבלישמענט אין דער וווילזיין־געזעלשאַפט. דער ערשטער, וואָס איז אַרויסגעטראָטן קעגן דער הער־

שאַפט פון אינסטיטוציאַניזם אין דער ישראלדיקער געזעלשאַפט איז געווען בערל קאַצענעלסאָן אין זיין מאמר א. נ. „עירעורים על המצב הקיים״ (דורכ־ ברוכן אין דעם הערשנדיקן מצב), ער האָט געוועגדעט די פיילן פון זיין קריטיק קעגן די ערשטע שפּראָצן פון אַ קיבוצישן עסטאַבלישמענט. די ליניע פון אַנטיביוראָקראַטיע קומט צום אויסדרוק אין דעם דענקען פון א .ד. גאָרדאָן, ח. י. ברענער, מ. בילינסון א.א. צוליב דעם טאַקע איז די אַרבעט־באַוועגונג אין ישראל אָפּגעהיטן געוואָרן פון די נעגאַטיווע דערשיינונגען, וואָס באַגלייטן יעדער ביוראָקראַטיע.

פאַרשטענדלעך, עס איז נישט געמאָלט קיין שום נאָרמאַלע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג אָן אַ עסטאַבלישמענט, אָבער כדי ער זאָל נישט אַריבערשטייגן זיינע נאַטירלעכע קאָמפּעטענצן איז נויטיק, אַז ער זאָל ווי געהעריק קאָנטראָלירט און געצוימט ווערן.

אין ישראל זענען פאַראַן פיל עסטאַבלישמענטן. די צעפּיצלונג פון דעם עסטאַבלישמענט און די אַנטיביוראָקראַטישע שטימונג האָבן צוגעגעבן אַ באַ־ זונדערן כאַראַקטער דעם אינסטיטוציאָנעלן געבוי פון דער ישראלדיקער גע־ זעלשאַפט. עס זענען אין איר פאַראַן מער פרייהייט פון פּראָטעסט, מער אויסדרוק פאַר אומצופרידנקייט און מער קאָנסטרוקטיווע וועגן פאַר נאָנקאָנפאָרמיזם. צוליב די גלייכהייט־וואָרצלען פון דער ישראלדיקער געזעלשאַפט, אַ פועל יוצא פון דער חלוצישער קולטור פון אירע גרינדער, עקזיסטירן אין ישראל פיל סעקטאָרן, וואָס צייכענען זיך אויס מיט אַ מינימום פון היעראַרכיע און ביוראָ־ קראַטיזם און איינער פון זיי איז — דער ישראלדיקער אוניווערזיטעט. אויף דעם געביט איז דער ישראלדיקער סטודענט פריי פון קאַמפן, וואָס עס פירן זיינע חברים כמעט אויף דער גאַנצער וועלט. אַ מדינה, וואָס האָלט אין ווערן איז אַ ראָם פאַר אַ גיכער אַנטוויקלונג פון העכערע לער־אַנשטאַלטן, געבויט אויף יסודות פון „דער דעמאָקראַטיזאַציע פון בילדונג״.

נישט געקוקט דערויף, וואָס די ישראלדיקע געזעלשאַפט איז אַ פּלוראַ־ ליסטישע, אַ אידעאָלאָגישע און אַנטביוראָקראַטישע זענען דאָך פאַראַן אין איר געזעלשאַפטלעכע אַנטאַגאָניזמען וואָס שטרייכן אונטער איר ווידערשפּרוכידי־ קייט. עס זענען פאַראַן קלאַסן און עס פירט זיך אַ קאַמף צווישן זיי. עס זענען אויך דאָ געזעלשאַפטלעכע אונטערשיידן אויפן באָדן פון עדות. אָבער די גע־ זעלשאַפט שטרעבט מבטל צו מאַכן די אונטערשיידן און ווידערשפּרוכן כדי צו פאַרזיכערן אַ יסודותדיקע, געזעלשאַפטלעכע גלייכהייט. די פּאָליטיזאַציע אין ישראל איז, בכן, אַ פּאָזיטיווע און די ישראלדיקע אַרבעט־פּאַרטיי איז איר הויפּט־טרעגער. די ישראלדיקע אַרבעט־באַוועגונג שאַפט די מעגלעכקייט פאַר דער געשטאַלטונג פון דעם פּרצוף־פּנים פון דער ישראלדיקער געזעלשאַפט

אויפֿן וועג פֿון פּאָליטישער טעטיקייט, אונטערוואַרפֿנדיק די טיילווייזע אינטערעסן דעם אַלגעמיינעם גרויסן אינטערעס פֿון קלאַס און פֿאָלק.

די נײַע נאַציאָנאַלע לאַגע פֿון דעם יידישן פֿאָלק, וואָס האָט זיך געשאַפֿן נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה, שטעלט אַרויס צוגאָבלעכע אויפֿגאַבן, באַפֿליגלט מיט דעם גייסט פֿון נאַציאָנאַלע חלומות און געזעשאַפֿטלעכע אידעאַלן.

דער וועג פֿון דעם יידישן אַרבעטער איז אַלע מאָל געווען דער וועג פֿון דעם „שווערן ציוניזם" און פֿון דעם „שווערן סאָציאַליזם". אויף זיין יסורימרייכן און רומפֿולן וועג האָט ער געגאָסן יסודות פֿאַר אַ נײַ לעבן און אַ נײַער וועלט, וועלכע בילדן אַ צוצי־קראַפֿט, אַ דערמוטיקונג און אַ נחמה פֿאַר אַלע די אין דעם יידישן פֿאָלק, וואָס לעכצן צו פֿרייהייט און גערעכטיקייט.

יהודה גאָטהעלף

# דער „נייער לינקס" און דער מוסר־השׂכל פאַר דער יידישער יוגנט

דער קאַמף צווישן דורות איז אַזוי אַלט ווי אַלט עס איז די מענטשהייט. שוין אין דעם אוראַלטן רוים האָבן זיך די עלטערן באַקלאָגט אויף דער אויסגעלאַסנקייט פון דעם יונגן דור, און די יידישע נביאים האָבן געחלומט וועגן אַ צייט, ווען עס וועלן פאַרשווינדן די קעגנזאַצן צווישן עלטערן און קינדער (והשיב לב אבות על בנים).

דער קאַמף צווישן דורות דערקלערט זיך — קודם כל — מיט ביאָלאָגישע טעמים. אָבער עס זענען פאַראַן תקופות, ווען דער קאַמף פון דער יוגנט קעגן די עלטערן האָט אויך אידעאָלאָגיש־געזעלשאַפטלעכע יסודות. דער צונויפפאַר פון ביאָלאָגיע און אידעאָלאָגיע פאַרוואַנדלט דאָס די אינדיווידועלע קאָנפליקטן צווישן קינדער און עלטערן אין אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד פון דעם יונגן דור און דערפירט צו דעם אַנטשטיין פון אידעיִשע יוגנט־באַוועגונגען.

אין פלוג איז דאָס צוואַנציקסטע יאָרהונדערט געווען — ווי עס האָט דאָס פאָרויסגעזאָגט עלען קיי — „דאָס יאָרהונדערט פון קינד". אין דער צווייטער העלפט פון דעם דאָזיקן יאָרהונדערט האָט די יוגנט געגאַנגען פון אַ כסדר וואַקסנדיקער עמאַנציפּאַציע. אין דעם 19טן יאָרהונדערט האָבן זיך נאָך געפינען עלטערן, וועלכע האָבן זיך קעגנגעשטעלט דעם געזעץ, וואָס פאַרבאָט קינדער־אַרבעט מיט דעם מאָטיוו „אַז דער דאָזיקער געזעץ באַרויבט די עלטערן פון זייער הייליקן רעכט צו באַשטימען אַליין דעם גורל פון זייערע קינדער". אין אונדזער צייט איז אַ יוגנטלעכער אַ גלייכבאַרעכטיקטער בירגער, און אַפילו, אַ זייער בכבודיקער קאָנסומענט אין דער ווילזיין־געזעלשאַפט. פונדעסטוועגן האַלט נישט דער יונגער דור, אַז ער האָט פולע פרייהייט, ווייל ער „שטרעבט צו זיין פולשטענדיק באַפרייט פון דעם דרוק פון דעם פריִערדיקן דור". אַחוץ דעם „אייביקן" קאָנפליקט צווישן דורות איז דערין שולדיק — ווייסט אויס — אויך דער אַנטוויקלונגס־טעמפּאָ פון אונדזער צייט. מיט הונדערט, צווייהונדערט יאָר צוריק האָבן עלטערן און קינדער געלעבט אין דער זעלבער וועלט פון איבערלעבענישן און נסיונות. די איבערגעאיילטע דינאַמיק פון די ענדערונגען און אומוואַנדלונגען אין אונדזער צייט רופט אַרויס פאַרשידנאַרטיקע אויפ־

פּאַסונגען און אָפּשאַצונגען צווישן פּאָטער און זון, צווישן דעם בכור און זיין יונגערן ברודער און פאַרשאַרפט דעם קאָנפליקט צווישן דורות.

די לעצטע יאָרן שטייען אונטער דעם צייכן פון אַ יוגנט־בונט אין פאַרשידענע לענדער אין דער וועלט, אין מזרח און מערב. די מקורות און פאָרמען פון דעם בונט זענען פאַרשיידן און פאַרבנרייך.

טיילמאָל טראָגט דער בונט בלויז אַ ביאָלאָגיש־פּסיכאָלאָגישן כאַראַקטער. עס איז די יוגנטלעכע נמאס געוואָרן אויסצוהערן די — אָדער אַנדערע — באַפעלן מצד זייערע פאָטערס און מוטערס. זיי פאַרטראָגן נישט מער די פאַרשידענע פאַרבאָטן און אַנשטאָט צו באַהערשן זייערע ליידנשאַפטן פאָדערן זיי גאָר מער פרייהייט און באַפרידיקונג פון זייערע באַדערפענישן. זיי אַנטלויפן פון אַ רויק, איינגעזעסענעם לעבן און יאָגן זיך דווקא נאָך אַוואַנטורעס.

אייניקע ווילן זיך באַפרייען פון אַ צו־שטאַרק געשפּאַנטן לעבן, אַנדערע ווידער, גייען אויס פון לאַנגווייל און זיי זוכן עפּעס נייעס און אויפשטורעמדיקעס. אַזוי איז געווען דער מצב אין די פופציקער יאָרן פון דעם איצטיקן יאָרהונדערט — אַ בונט אָן אַ פּאָן.

אין די זעכציקער יאָרן, און באַזונדערס, אין דעם אויפשטאַנד פון די סטודענטן אין מאַי 1967־68 האָט דער בונט פון יונגן דור אָנגענומען אַ סאָציאַל־אידעיִשן כאַראַקטער און ער האָט זיך צוגעאייגנט, בעיקר, די פּאָן פון דעם „נייעם לינקס״.

דער בונט פון דער יוגנט האָט זיין מקור אין דער וואַקסנדיקער אַנטוישונג פון דעם דורכפאַל פון זייערע עלטערן אין 20־טן יאָרהונדערט. די דאָזיקע אַנטוישונג דריקט זיך אויס אויף פאַרשידענע אופנים. אין די מערב־לענדער דריקט אויס דער יונגער דור זיין אומצופרידנקייט פון דער פּאָליטישער דעמאָקראַטיע אין איר אומפּאָלקאָמער און פאַרפעלשטער פאָרעם. עס זענען פאַראַן לענדער, ווו די יוגנטלעכע האָבן נאָך נישט מוחל געווען זייערע עלטערן דעם חטא פון דער פאַשיסטישער און נאַציסטישער הערשאַפט. דעם יונגן דור איז אויך שווער מַשלים צו זיין מיט דער היינטיקערווירקלעכקייט — מיט אַ דעמאָקראַטיע, וואָס האַלט אָן ווייטער אַ מצב פון דיסקרימינאַציע לגבי נעגער, וואָס גרייט זיך צו אַן אַטאָמישער מלחמה, וואָס קען חרוב מאַכן די וועלט, מיט אַ דעמאָקראַטיע, וואָס איז שטיין געבליבן — פאַר די טויערן פון די אוניווערזיטעטן און פון די פאַבריקן.

אין די לענדער פון דעם סאָוויעטישן בלאָק בונטעוועט זיך די יוגנט קעגן די פאַרקריפּלונגען פון דעם רעזשים און קעגן דער טאָטאַלער פאַלסיפיצירונג פון סאָציאַליזם. די יוגנט זעט אַז די פאַרגעזעלשאַפטלעכונג פון די פּראָדוציר־מיטלען און פון דעם אייגנטום קען אויך דינען אַלס אַ יסוד פאַר טיראַניע און זי פּראָטעסטירט קעגן דער אונטערדריקונג פון דער פרייהייט פון וואָרט און קריטיק, קעגן ביוראָקראַטיע, קעגן אומגלייכהייט און קעגן דער הערשאַפט איבער

אַנדערע פּעלקער. די יוגנטלעכע דערמאָנען זייערע עלטערן די פּאַרברעכנס פון סטאַליניזם און זענען נישט מַשלים מיט דעם נעאָ־סטאַליניזם, וואָס שטייט אין פולער סתירה מיט דער תורה פון סאָציאַליזם און מיט דער וויזיע פון אַ נייער געזעלשאַפט.

אייגנטלעך האָבן מיר פאַר זיך אַ מין געמיינזאַמען אינדיקאַטאָר פאַר דער קריטיק פון דער אינדוסטריעלער ציוויליזאַציע — אין די מערב־לענדער און אין דעם סאָוויעטישן בלאָק צוגלייך. דאָס איז אַ געזעלשאַפט — זאָגט די קריטיק מצד ער יוגנט פון דעם „נייעם לינקס" — וואָס לעבט נאָענט צום אָפּגרונט. אויך אין שלום־צייט וואַקסט די פּראָדוקציע פון מיטלען פאַר אַ קעגנ־זייטיקן אומקום. דאָס איז אַ געזעלשאַפט, וואָס פּלאַנירט איר וווקס, עפעקטיוויקייט אויף אַ ראַציאָנעלן אופן. פונדעסטוועגן איז זי, ווענזנטלעך, נישט ראַציאָנעל. דאָס איז אַ געזעלשאַפט, וואָס באַנוצט זיך מיט אירע וויסנשאַפטלעכע דערגריי־כונגען כדי „וויסנשאַפטלעך" אונטערצודריקן דעם מענטש. דאָס איז אַ טאָטאַלי־טאַרע געזעלשאַפט, ווען אַפילו, זי פאַרנעמט זיך מיט דער מאַניפּולירונג פון די באַדערפענישן פון מענטש (לרוב זענען דאָס קינסטלעכע באַדערפענישן, וועלכע ווערן אַרויסגערופן דורך רעקלאַמע און דרוק־גרופן פון סוחרים) און געשטאַלטעט זיינע אומריכטיקע שטרעבונגען. דאָס איז אַן „איין־מאָסשטאַב־געזעלשאַפט", ווי עס רופט איר מאַרקוזע, אין איר געדאַנק און אויפפירונג, ווייל זי דערשטיקט יעדן געדאַנק און שטרעבונג, וואָס זענען אויסער דעם עקזיס־טירנדיקן סטאַטוס־קוואָ. דאָס איז אַ ציוויליזאַציע וואָס באַרימט זיך מיט איר אַלץ — וואַקסנדיקער ראַציאָנאַליזירונג פון דער ווירטשאַפט און געזעלשאַפט, אָבער, זי צייכנט זיך גאָר אויס מיט איר איראַציאָנאַליזם אין די באַציִונגען צווישן פעלקער און מיט דער וואַקסנדיקער אָפּגעפרעמדקייט צווישן מענטש און מענטש און צווישן מענטש און זיין אַרבעט. אַ וועלט אין וועלכער עס שטאַרבן יעדן יאָר 25 מיליאָן מענטשן פון הונגער איז אַן אָפּגעשטאַנענע וועלט, אַ נישט־מענטשלעכע וועלט, בעת דער מענטשלעכער שׂכל האָט שוין פון לאַנג געשאַפן אַלע נויטיקע מיטלען כדי צו ליקווידירן די נויט, אומוויסנקייט און קראַנקייטן. אַ וועלט, וואָס גרייט זיך נאָך דער גרויזאַמער שחיטה פון צוויי וועלט־מלחמות צו אַ דריטער וועלט־מלחמה — איז אַ משוגענע וועלט.

אַ פאַרשווענדערישע ווירטשאַפט לויט דעם דיקטאַט פון דער רעקלאַמע, איבערגעפולטע שטייפלעצער מיט מאַשינען און אַ גאַסן־קאָמוניקאַציע פול מיט מכשולים און אָפּהאַלטן — דאָס אַלץ איז אַ אויסדרוק פון דעם געיעג פון דער פּריוואַטער קאָנסומציע וואָס גייט נישט — האַנט ביי האַנט — מיט דער זאָרג פאַר דעם כלל. דער פּאָליטישער געראַנגל האָט זיך פאַרקריפּלט און פאַרוואַנדלט אין אַן אַרומרייסעניש צווישן פּערזאָנען, אָן וועלכער עס איז, אידעיִש־פּאָליטישער פּראָגראַם, ממש פונקט אַזוי ווי עס זענען דאָס די רעקלאַמע־קעפּ צווישן זיך

קונקורירענדיקע זייף־פאַבריקן. די אונטערשיידן צווישן די פּאַרטייען זענען זייער קליינע נישט וויכטיקע און עס איז נישט שווער צו פאַרבייטן די רעגירונגס־פּאַרטיי מיט דער אָפּאָזיציאָנעלער. דער „עקאָנאָמישער וואונדער" האָט גורם געווען צו אַ אויסשפּרייט פון דעם וווּלגאַרן מאַטעריאַליזם.

לויט דעם מיינונג פון הערבערט מאַרקוזע — דער נביא פון דעם בונט פון די סטודענטן — איז געלונגען דער היינטיקער ציוויליזאַציע איינצושלונגען אַלע ווידערשפּרוכן און אָפּאָזיציעס, און איינפּלעכטן אין זיך אַלע קלאַסן און שיכטן און דורכדעם, כמעט אוממעגלעך מאכן, וועלכע עס איז ענדערונגען. דער דאָזיקער „איינפּלעכט" איז אַ פועל יוצא פון דער פּראָדוקציע גופא.

כדי זיך צו פאַרזיכערן גינסטיקע באַדינגונגען אַנטוויקלט דער קאַפּיטאַל אַלץ מער און מער נייע געברויכן און באַדערפעניש ן און דערמוטיקט דעם כסדר־דיקן אומבייט פון אויסבעסערונגען און פּראָדוקטן, וועלכע ווערן גיך קאַליע (צוליב דער שלעכטער קוואַליטעט אָדער אונטערן דרוק פון דער מאָדע, וואָס האַלט זיך אין איין טוישן) — דאָס אַלץ פאַרשקלאַפט די פאָלקס־מאַסן. אמת, דאָס איז אַ מין פאַרשקלאַפונג, וואָס איז כמעט נישט פילבאַר ווייל זי ווערט באַגלייט מיט אַ „געפיל פון גליק" מכלומרש, פון צופרידנקייט מיט דעם עקזיס־טירנדיקן מצב.

אין פלוג, האָט מען געקענט האָפן — לויט די גרינדער פון סאָציאַליזם — אַז דער אַרבעטער־קלאַס וועלכער לייד פון אויסנוץ און אומגלייכהייט וועט זיין דער הויפּט־טרעגער פון דעם קאַמף פאַר דער ענדערונג פון דער סאָציאַלער אָרדענונג. אָבער לויט דער מיינונג פון מאַרקוזע און זיינע תלמידים איז אַזאַ האָפענונג — גרונטלאָז.

די קאָעקזיסטענץ צווישן פאַרשידענע רעזשישמען צווינגט דעם קאַפּיטאַליזם צו סטאַבליזירן זיינע פּאָזיציעס אויפן וועג פון אַ סאָציאַלער אינטעגרירונג פון אַלע שיכטן און אויפן יסוד פון אַ „אָרגאַניזירטן קאַפּיטאַליזם". „דאָס איז אַ קלאַסן־געזעלשאַפט אין וועלכער דער אַרבעטער־קלאַס קעמפט נישט מער קעגן דער הערשנדיקער אָרדענונג". קלאַסן־אונטערשיידן זענען נישט אָפּגעשאַפט געוואָרן אָבער, זיי זענען פאַרמאַסקירט: אַרבעטגעבער און אַרבעטער פאַרברענגען זייער צייט אין די זעלבע מקומות, קליידן זיך אויף דעם זעלבן אופן. אַן „אַרבעטער אַריסטאָקראַטיע" — ווי לענין האָט עס גערופן — איז מער נישטאָ און אַלע אָרגאַ־ניזירטע אַרבעטער בילדן אַ מין אַרבעטנדיקע אַריסטאָקראַטיע. די איזאָלאַציע אין פאַבריק פאַרשטאַרקט די פּאָליטישע אַפּאַטיע און די אינטעגראַציע פון די אַרבעטער אין דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאַפט. דעם געזעלשאַפטלעכן טרעגער פון דער רעוואָלוציע, דאַרף מען זוכן אין די אָפּגעשטויסענע שיכטן (ווי למשל נעגער) און אין דער סטודענטנשאַפט.

דער בונט פון די סטודענטן אפילו אונטער דער פאָן פון דעם „נייעם לינקס"

און וואָס איז געטראָגן געוואָרן אויף אַ כוואַליע פון רעוואָלוציע — האָט נישט קלאָר געמאַכט דעם וועג און ציל פון דער דאָזיקער רעוואָלוציע. אין דעם אידעיִשן באַגאַזש פון די בונטאַרן האָבן זיך צונויפגעמישט עלעמענטן פון די תורות פון מאַרקס, לענין, טראָצקי, קאַסטראָ, טשע געוואַראַ, פאַנון א. א. טיילמאָל שלאָגן זיי פּאָר אַ מאָדנעם געמיש פון דער פּוריטאַנער רעוואָלוציע פון מאַר־צע־טונג און דער אַנטי־פּוריטאַנער קאָנצעפּציע פון מאַרקוזע. אַמבולטסטן, אָבער, קומט צום אויסדרוק דער אַנאַרכיסטישער עלעמענט, אין וועלכן די נעגאַטיווע קריטיק שטייגט ווייט אַריבער דעם קאָנסטרוקטיוון באַנעם.

דער ציל איז: צוזשטערן פולשטענדיק די הערשנדיקע אָרדענונג. ווי אָבער וועט — אָדער דאַרף געבויט ווערן די נייע אָרדענונג — וועגן דעם קיין איין וואָרט.

בענדיט־כהן איינער פון די פירער פון דעם סטודענטן־בונט — זאָגט אין אַ שמועס מיט סאַרטער: „די וועלט וואָלט זיך באַרויקט ווען מיר וואָלטן געגריבדעט אַ פּאַרטיי און דערקלערט: דאָס זענען אונדזערע מענטשן, דאָס זענען אונדזערע צילן און דאָס זענען אונדזערע וועגן צו די צילן; דעמאָלסט וואָלט מען געוווּסט מיט וועמען מען האָט צו טאָן און געשאַפן אַ פראָנט קעגן אונדז". מען וואָלט מער נישט גערעדט וועגן „אַנאַרכיע" וועגן „מיש־מאַש" וועגן אַ אויפברויז וואָס מען קען נישט צוימען. אָבער אונדזער כוח ליגט דווקא דערין, וואָס מיר צייכענען זיך אויס מיט אַ ספּאָנטאַנישקייט וואָס לאָזט זיך נישט צוימען" — קלאָר, היינט צו טאָג האָבן מיר פאַר זיך צוויי מעגלעכקייטן: א. אַוועקזעצן 5 מענטשן, אויסאַרבעטן אַ פּראָגראַם, אַרויסשטעלן אַ ריי רעאַלע פאָדערונגען און זאָגן: „אָט דאָס איז די שטעלונג פון די סטודענטן — טוט וואָס איר ווילט". דאָס וועט זיין דער נישט ריכטיקער וועג. ב. אויפקלערן דעם מצב אויף וויפל עס איז מעגלעך און זיך אָפּהאַלטן פון שאַפן אַ אָרגאַניזאַציע און פון אויסאַרבעטן אַ פּראָגראַם לעת־עתה. דער איינציקער אויסזיכט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער באַוועגונג באַשטייט דווקא דערין, וואָס זי איז נישט אָרגאַניזירט, וואָס עס הערשט אין איר אומאָרדענונג, וואָס יעדער קען רעדן פריי און צום סוף וועט אַזאַ מצב אונדז דערפירן צו אַ זעלבסט אָרגאַניזירונג". אָט דאָס זענען די ווערטער פון בענדיט־כהן. אין אַ אויפרוף פון סטודענטן ווערט געזאָגט: „די רעוואָלוציע, וואָס האָט אויסגעבראָכן וועט אַוועקשטעלן אונטער אַ פראַגע־צייכן נישט נאָר די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט נאָר אויך די גאַנצע אינדוסטריעלע געזעלשאַפט. די קאָנסום־געזעלשאַפט דאַרף מיט כוח באַזייטיקט ווערן. די געזעלשאַפט פון אָפּגעפרעמדקייט דאַרף שטאַרבן אַ צוואַנגס־טויט. מיר ווילן אַ נייע אייגנאַרטיקע וועלט. מיר זענען קעגן אַ וועלט, ווו דער טויט פון הונגער ווערט פאַרביטן מיט אַ טויט פון לאַנגווייל".

# דער קערן און די שאָל

די קריטיק אויף דער היינטצייטיקער געזעלשאַפט מצד דעם „נייעם לינקס״ איז אין אַ גרויסער מאָס גערעכט. דער יונגער דור האָט רעכט צו קריטיקירן. מען דאַרף אפילו באַגריסן דעם באַנייטן אָנשטרענג צו באַטראַכטן פראַגן אויף אַ יסודותדיקן, אידעאָלאָגישן אופן, נאָכדעם ווי אין די לעצטע יאָרן האָט מען פיל גערעדט און געשריבן וועגן „דעם סוף פון דער אידעאָלאָגיע״. מיר דאַרפן אונטער־שיידן צווישן דעם קערן און דער שאָל. די צרה איז וואָס אין די מוחות פון די מענטשן פון דעם „נייעם לינקס״ הערשט נאָך אַ גרויסער נעפּל. טיילמאָל ריידן זיי וועגן נייע אידעען, מכלומרש, וועלכע ווייזן זיך אַרויס אַלס אַלטע באַנקראָ־טירטע אידעען. די יונגע בונטאַרן האָבן זיך אויך — מיט גרויס אייפער און ברען — דערוואָרבן אָנטקעגנזעצטע מיינונגען, וועלכע זענען נישט בכוח צו בילדן אַ איינהייטלעכע אויפפאַסונג און באַשטימען אַ קאָנסעקווענטן וועג פון קאַמף און אַרבעט.

די סטודענטן זענען קעגן יעדער פאָרם פון אָרגאַניזאַציע, וואָס דער עלטערער דור האָט געשאַפן. די דאָזיקע יוגנט איז קעגן יעדער אידעיש־פּאַרטייאישער פאָרמאַציע. „נאָר דער נישט אָרגאַניזירטער אינטערעסירט אונדז״ — האָט דער־קלערט איינער פון די פירער פון דער בונטאַרישער יוגנט אין דייטשלאַנד.

אָבער מיר געדענקען נאָך די ביטערע דערפאַרונג פון דעם „וואַנדערפאָגל״ אין דייטשלאַנד. דאָס איז געווען אַ ווונדערבאַרע יוגנט־באַוועגונג וואָס איז אויך געווען קעגן יעדער אידעאָלאָגיע, קעגן יעדער פּאָליטיק און האָט גערופן „צוריק צו נאַטור״ און דער סוף איז געווען אַז דער גרעסטער טייל פון אירע חברים — מיט זייערע גרעסערע און קלענערע מנהיגים — האָבן זיך דערקייקלט פון דער הויך פון אַ ראָמאַנטישן לעבן אין שויס פון דער נאַטור צום אָפּגרונט פון אַ נאַציס־טישער באַוועגונג.

אמת עס זענען פאַראַן סטודענטן וועלכע האַלטן דוקא פון אידעאָלאָגיע, אָבער, אין דער זעלבער צייט זענען זיי פאַר דעפּאָליטיזאַציע און באַציען זיך מיט אַ געפיל פון אָפּשטויס צו פּאַרטייען. אָבער אידעאָלאָגיע — נישט ווי פילאָזאָפיע — בוויטיקט זיך אין קאָנקרעטע פּאָליטישע אינטרומענטן. אָן אַ פּאָליטישן אינסטרו־מענט, אָן אַ פּאַרטיי, קענען נישט קיין שום פּאָליטישע אידעען פאַרווירקלעכט ווערן. דעמאָקראַטיע אין אַמאָליקן אַטען האָט זיך געקענט שטיצן אויף דער דירעקטער באַטייליקונג פון פאָלק (הגם אויך דאָס איז נישט זיכער און זי איז אויך נישט געווען אָן חסרונות, אויב זי האָט געקענט פאַראורטיילן צום טויט דעם גרעסטן פון אירע חכמים — סאָקראַטעסן.) אָבער די היינטצייטיקע אינדוסטריעלע געזעלשאַפט בוויטיקט זיך אין אַ דעמאָקראַטיע פון געווײלטע פאָרשטייער. אָן פּאַרטייען, וועלכע ברענגען צום אויסדרוק דעם פּאָליטישן ווילן פון די געזעל־

שאַפֿטלעכע כוחות, באַשטייט די געפֿאַר אַז דעמאַגאָגן און טיראַנען זאָלן קומען צו דער מאַכט אויפֿן יסוד פֿון אַלגעמיינע, פּרימיטיווע פֿאָלקס־פּלעביסציטן.

קיין שום געזעלשאַפֿטלעכע ענדערונג וועט נישט אַדורכגעפֿירט ווערן אַן דעם געזעלשאַפֿטלעכן כוח וואָס שטיצט אַ פּאַרטיי, און שטימט פֿאַר איר אין צייט פֿון וואַלן. דער פֿעאָדאַליזם איז אָפּגעשאַפֿט געוואָרן דורך דעם „דריטן קלאַס" (דער בירגערלעכער) אויך דער קאַפּיטאַליזם וועט נישט אָפּטרעטן זיין אָרט פֿאַר סאָציאַליזם אָן אַ גרויסן געזעלשאַפֿטלעכן כוח — דעם אַרבעטער־קלאַס, וואָס איז פֿאַראינטערעסירט, מער פֿון אַנדערע, אין אָפּשאַפֿן די אָרדענונג פֿון אומגלייכקייט און אויסנוץ. לעניִן האָט אין זיין צייט, — וואָס אַן אמת — אויסגעדריקט זיין אומ־צוטרוי אין דעם אַרבעטער־קלאַס, וועלכער איז — לויט זיין מיינונג — מסוגל נאָר צו אַ פּראָפֿעסיאָנעלען קאַמף פֿאַר דער פֿאַרבעסערונג פֿון זיינע אַרבעט־ און לעבן־באַדינגונגען. דעריבער האָט ער אַרויפֿגעלייגט די אויפֿגאַבע פֿאַר אַ פֿולשטענ־דיקע טראַנספֿאָרמאַציע פֿון דער געזעלשאַפֿט אויף אַן אַוואַנגאַרד פֿון „פּראָפֿע־סיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן". דער דאָזיקער וועג פֿון לעניניזם איז געווען פֿאַטאַל און מיר ליידן נאָך ביז היינטיקן טאָג פֿון זיינע רעזולטאַטן.

אויך די תורה פֿון מאַרקוזע, וואָס איז פֿאַרשפּרייט צווישן דעם „נייעם לינקס" און באַזונדערס צווישן סטודענטן, לייקנט אין דער היסטאָרישער שליחות פֿון אַרבעטער־קלאַס. מאַרקוזע לייגט אַרויף די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערע אויפֿגאַבע נישט אויף דעם אַרבעטער־קלאַס נאָר אויף די ראַנד־שיכטן, אויף די אָפּגעשטויסענע, אויף די אונטערדריקטע נעגער און אויף די סטודענטן.

אָבער די היסטאָרישע דערפֿאַרונג האָט באַוויזן אַז די דאָזיקע שיכטן (אָרעמע, אַרבעטלאָזע א. א. וו.) דינען גאָר־צוליב זייער נידערגעשלאָגנקייט און טייל־ווייזן אומוויסן — ווי אַ שפּיל־באַל אין די הענט פֿאַר פֿאַרשידענע, שאָוויניסטישע און פֿאַשיסטישע באַוועגונגען. עס איז אויך נישט ריכטיק אַז די סטודענטן שטעלן מיט זיך פֿאָר אַ אונטערגעדריקטן, עקספּלואַטירטן נייעם קלאַס. אַ געזעלשאַפֿט־לעכער קלאַס ווערט באַשטימט לויט זיין אָרט אין דעם פּראָדוקציר־פּראָצעס און אין דער פֿאַרהעלטעניש צו די אַרבעטגעבער. דער מצב פֿון אַ סטודענט איז אַ פֿאַרבייגייענדיקער. די סטודענטן וועלן אין אייניקע יאָר אַרום זיין דאָקטוירים, אַד־וואָקאַטן א.א.וו. און זיי וועלן שפּעטער זיין אָדער אָנהענגער פֿון דעם הערשנדיקן רעזשים אָדער אין דער אָפּאָזיציע. די סטודענטן זענען געשטאַנען אין שפּיץ פֿון די איבערקערענישן (אין יאָר 1848) און זענען געווען פֿון די אַקטיווסטע טוער אין די אַרבעטער־פּאַרטייען אין מזרח־אייראָפּע ביז צו דער ערשטער וועלט־מל־חמה. דאַקעגן אין די מערב־לענדער האָבן זיי לרוב געבילדעט אַ באַשטאַנדטייל פֿון די הערשנדיקע קלאַסן. אויך איצט בילדן נישט די סטודענטן אַ זעלבסט־שטענדיקן פֿאַקטאָר. זייער ווענדונג צו דעם אַרבעטער־קלאַס אַז ער זאָל זיך, לאחר המעשה, אָנשליסן אין זייער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט איז נישט בכוח

צו שאַפן יענעם געטרייען בונד צווישן די אַרבעטער און דער אַרבעטנדיקער אינטעליגענץ, אָן וועלכן עס איז אוממעגלעך אויפצוהויבן די געזעלשאַפט צו אַ העכערן טעכנישן און קולטורעלן ניוואָ. אייגנטלעך שטרעבן די סטודענטן צום זעלבן ווי די אַרבעטער: אויסצוברייטערן די פּאָליטישע, סאָציאַלע און אינ־דוסטריעלע דעמאָקראַטיע; די פאָדערונג צו באַטייליקן די סטודענטן אין דעם פעסטשטעלן די לער־באַדינגונגען אין די אוניווערזיטעטן איז וועזנטלעך נישט עפּעס אַנדערש ווי די פאָדערונג פון די אַרבעטער זיי צו באַטייליקן אין דער אָנפירונג פון די אונטערנעמונגען. די שטרעבונג פון די סטודענטן צו ממשותדיקער פרייהייט, צו אמתער דעמאָקראַטיע קען פאַרווירקלעכט ווערן נאָר אין אַ סאָציאַ־ליסטישער אָרדענונג און דאָס איז טאַקע דער אידעאַל פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. די סטודענטן דאַרפן באַנייען דעם גייסטיקן און אידעישן כוח פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס איז געוואָרן פּראַגמאַטיש, אָפּאָרטוניסטיש און זאָרגט נאָר פאַר טאָג־טעגלעכע דערגרייכונגען; די סטודענטן דאַרפן זיך נישט איזאָלירן פון דעם אַרבעטער־ציבור און זיך ווענדן צו אים נאָר לאחר המעשה. אַזאַ איזאָלאַ־ציע קען אַרויסרופן אַ טענדענץ פון בילדן אַ עליטע, וואָס שטייט אין סתירה צו דעמאָקראַטיע און קען דערפירן צו דער הערשאַפט פון טעכנאָקראַטן און טיראַנען.

וואָס פאַר אַ טעם האָט דאָס גלאָריפיצירן דעם אַנאַרכיסטיש־מאַרקסיסטישן געדאַנק וועגן דעם „אונטערגאַנג פון דער מדינה" ווען די דאָזיקע לאָזונג דינט אַלס אויסרייד פאַר דער פאַרפעסטיקונג פון אַ אויסגעשפּראָכענער טאָטאַליטאַרער מדינה. קיין שום פאָלק קען נישט, אין אונדזער צייט, לייזן זיינע פראַגן אויב נישט דורך אַ מדינה און אויב אַזוי איז שוין בעסער אַ דעמאָקראַטישע מדינה מיט אַלע אירע חסרונות ווי אַ „דערציערישע דיקטאַטור" (ווי עס רופט עס מאַרקוזע) וואָס קען צוריקפירן די מענטשהייט צו די גרויזאַמסטע תקופות פון אונטערדריקונג פאַר די דעמאָקראַטישע רעוואָלוציעס און פאַר דעם פונאַנדערטייל פון פאַרשידענע רעגירונגס־קאָמפּעטענצן.

די יונגע אינטעליגענץ פון דעם „נייעם לינקס" טרעט שאַרף אַרויס קעגן אונטערדריקונג, קעגן דער באַגרענעצונג פון פרייהייט אאַז"וו. אָבער אין דעם קאַמף קעגן זיי באַנוצט זיך די אינטעליגענץ מיט אומדעמאָקראַטישע, געפערלעכע מיטלען און זי שלאָגט פאָר רפואות וואָס זענען ערגער פון דער קראַנקייט. מיט אַלע אירע חסרונות איז די דעמאָקראַטיע „דער בעסטער פון אַלע שלעכטע רעזשימען". פרייהייט אָן אָרדענונג — הייסט אַנאַרכיע און הפקרות. אָרדענונג אָן פרייהייט — מיינט דיקטאַטור, וואָס ווען אַפילו אין אָנהויב איז זי „ציוויליזירט" און פול מיט גוטע כוונות ענדיקט זי זיך תמיד מיט טיראַניע און פאַרשקלאַפונג. כדי מענטשן זאָלן קענען לעבן פריי און מאַכן פאָרשריט אויף אַלע געביטן — זענען נויטיק כללים פון אַ פרייען דעמאָקראַטישן שפּיל, וועלכע באַשטימען דעם אופן, ווי צו וויילן די פאָרשטייער, די ליניען פון דער פּאָליטיק און

טעטיקייט, דעם אויפזיכט־סיסטעם, די פאַרטיידיקונג פון דער פרייהייט פון וואָרט און קריטיק און געהעריקע מענטשלעכע באַציִונגען.

די אידעאָלאָגן פון דעם יוגנט־בונט האָבן אַ מאָדנע באַציִונג צו טעראָר און טאָלעראַנץ. אַז מען קען נישט קעמפן קעגן אַ רעזשים פון טיראַניע מיט דעמאָקראַטישע מיטלען איז אויך טעראָר אַ מיטל. אָבער וואָס פאַר אַ טעם האָט דאָס זיך באַנוצן מיט געוואַלט און טעראָר אין אַ דעמאָקראַטישער מדינה? דער ענטפער דערצו האָט נאָך געגעבן סארעל, וועלכער איז, אגב, שטאַרק געפעלן געוואָרן סיי מוסאָלינין און הן לענינען. די היסטאָרישע דערפאַרונג האָט, אָבער, באַוויזן, אַז דאָס איז געוועזן זייער אַן אומגליקלעכע תורה. לינקער טעראָר אין אַ דעמאָקראַטישער מדינה איז גורם צו אַ טעראָר מצד רעכטס. אַלע טעראָריסטישע באַוועגונגען האָבן אַ טאָפּלטע מאָראַל: איין מאָסשטאַב פאַר אייגענע מעשׂים און אַן אַנדערן פאַר די מעשׂים פון צווייטע. די גרעסטע פאַרברעכנס אין דער געשיכטע זענען באַגאַנגען געוואָרן אין נאָמען פון הויכע אידעאַלן. די קרבנות פון טעראָר האָבן דערין נישט געפינען אַפילו די לייכטסטע טרייסט.

מען קען פאַרשטייט זיך אויסאיבן אַ דרוק אויף דער עפנטלעכער מיינונג, אויף געוויילטע דורך דעם פאָלק און זייערע אָנפירער דורך אַן אויסערפאַרלאַמענטאַרישן קאַמף, אָבער, אַן אַנטיפאַרלאַמענטאַרישע טעטיקייט פלאַסטערט דעם וועג צו טיראַניע, וואָס איז ערגער פון יעדער פאַרלאַמענטאַרישער אָרדענונג.

## די יידן און דער „נייער לינקס"

פון זייט די יידן זענען אַ פאָלק האָבן זיי אָפּגעהיטן די תורה פון די נביאים, וואָס איז קעגן דעם באַרויבן אָרעמע, קעגן אונטערדריקונג און אומרעכט און וואָס איז אַדורכגעדרונגען מיט דער וויזיע פון נאַציאָנאַלער און אַלמענטשלעכער באַפרייונג, פון פעלקער־פאַרברידערונג און פון אייביקן שלום. אין משך פון צוויי טויזנט יאָר זענען די יידן צעשפּרייט צווישן אַנדערע פעלקער און געדינט אַלס שטענדיקער אָביעקט פאַר דיסקרימינאַציע, רדיפות, שמד און אויסראָט. די לעבנס־באַדינגונגען אין גלות האָבן אַנטוויקלט ביי יידן אַ שטאַרקן ווילן פאַר זעלבסטדערהאַלטונג און אינטעלעקטועלע פעיִקייטן, וועלכע האָבן געשטאַרקט זייער פאַרטיידיקונגס־קראַפט און פיל מיטגעהאָלפן אין זייער ביישטיין שווערע נסיונות און צרות. די דאָזיקע באַדינגונגען האָבן אויך פאַרשאַרפט די עמפּינד־לעכקייט לגבי דיסקרימינאַציע און פאַרטיפט דעם געפיל פאַר גערעכטיקייט.

אין מיטלאַלטער און אין דער נייער צייט האָט דער תנ"ך געדינט אַלס מקור פון אינספּיראַציע פאַר געזעלשאַפטלעכע און גייסטיקע פּראָטעסט־באַוועגונגען, פון וועלכע עס האָבן זיך שפּעטער אַנטוויקלט די מאָדערנע באַפרייונגס־באַוועגונגען. זינט די מויערן פון געטאָ זענען זיך פונאַנדערגעפאַלן האָבן די יידן גענומען

זייער אַן אַקטיוון אָנטייל אין ליבעראַלע און סאָציאַליסטישע שטרעמונגען און זייער באַטייליקונג אין רעוואָלוציעס האָט ווייט איבערגעשטיגן זייער פּראָצענט אין דער באַפעלקערונג. עס איז, דעריבער, נישט קיין ווונדער וואָס אין דעם „נייעם לינקס" זענען פאַראַן פיל יידן און צווישן די פירער פון די סטודענטן־דעמאָנסטראַציעס פוןביידע זייטן פון אָקעאַן איז זייער קאָנטיק זייער צאָל.

מיר דאַרפן, אָבער, אַרויסציִען די געהעריקע מסקנות פון דער טעטיקייט פון אינטעלעקטואַלן אין משך פון 200—100 יאָר. עס איז שווער אָנצונעמען, אַז אַן דער באַטייליקונג פון יידן וואָלט דאָס ראָד פון דער געשיכטע זיך נישט געדרייט און עס וואָלטן נישט פאָרגעקומען די רעוואָלוציעס, וואָס זענען געווען אַ געשיכט־לעכע נויטווענדיקייט. אָבער די האָפענונגען וועלכע יידן האָבן געלייגט אויף די ליבעראַלע און סאָציאַלע רעוואָלוציעס בנוגע דער לייזונג פון דער „יידן פראַגע" — האָבן זיך נישט פאַרווירקלעכט.

צוויי הונדערט יאָר נאָך דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע און נאָך דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע איז דער אַנטיסעמיטיזם, נישט פאַרשווונדן אַפילו פון די סאַמע אַנטוויקלסטע לענדער. אַ פאָרש־אַרבעט וואָס איז לעצטנס אַדורכ־געפירט געוואָרן דורך טשארלס גלוק און ראָדניי סטאַרק, באַווייזט, אַז קרוב צו 75% פון דער באַפעלקערונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז אָנגעשטעקט מיט אַנטיסעמיטיזם. דאָס איז אַ מין איינגעדרימלטער אַנטיסעמיטיזם, אָבער, ער קען אויסברעכן ביי יעדער „פּאַסיקער" געלעגנהייט. אין פראַנקרייך איז אויך פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אַלע קלאַסן, איינגעשלאָסן אַרבעטער פון לינקן לאַגער זענען נישט פריי פון אַנטיסעמיטיזם און די באַוועגונג קעגן אַנטיסעמיטיזם און ראַסיזם האָט געהאַלטן פאַר נויטיק צו וואָרענען די לינקע פאַרטייען וועגן דעם אַנטיסעמיטיזם אין זייערע רייען.

מען האָט געמיינט, אַז די רעוואָלוציע אונטער די לאָזונגען פון מאַרקס און לענין וועט זיין בכוח צו ברענגען אַ מער יסודותדיקע לייזונג ווי די ליבעראַלע רעוואָלוציעס. און אָט האָבן די יידן אין די לענדער פון סאָוויעטישן בלאָק נישט נאָר נישט זוכה געווען אין די זעלבע נאַציאָנאַלע רעכט ווי אַנדערע פעלקער, נאָר מיר זענען אַפילו עדות, לעצטנס, פון אַ וואַקסנדיקן אַנטיסעמיטיזם דאָרט.

דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל איז געבוירן געוואָרן אונטער דעם צייכן פון פאַרזען דעם קיום פון אַ נאַציאָנאַלער פראַגע. די אַלמענטשלעכע גאולה — האָט זיך געדוכט — איז אַזוי נאָענט, אַז אין דעם גרויסן וואַלד האָט מען נישט דערזען די בוימער. די זאַך האָט זיך שטאַרק נוקם געווען. צוליב צוויי וועלט־מלחמות איז זיך דער אינטערנאַציאָנאַל כמעט פונאַנדערגעפאַלן און די אַרבעטער מאַסן — ווען מען האָט איינגערעדט, אַז זיי האָבן נישט קיין אייגן לאַנד צום פאַרטיידיקן — האָבן געקעמפט מיט מסירות־נפש פאַר זייערע היימלענדער.

צווישן די פירער פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם זענען געווען נישט ווייניק אַסימילירטע יידן, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַ סך פאַרשטענדעניש פאַר אונטערדריקטע פעלקער אין פאַרשידענע קאָנטינענטן, אָבער, זיי זענען געווען פרעמד צו די באַפרייונגס־לעבצענישן פון זייער אייגן פאָלק. דער פאַקט האָט גורם געווען דערצו, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך באַזונדערס נעגאַטיוו באַצויגן צו דער נאַציאָנאַלער באַפרייונגס־באַוועגונג פון דעם יידישן פאָלק. דערמיט דערקלערט זיך אויך דער אומווילן פון אינטערנאַציאָנאַל אין משך פון יאָרן צו אָנערקענען די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג אַלס איינעם פון זיינע מיטגלידער. די עוולה איז שפּעטער פאַררעכט געוואָרן דורך דעם דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם. די קאָמוניסטישע מדינה דאַקעגן אָנערקענט נישט ביז דעם היינטיקן טאָג די רעכט פון דעם יידישן פאָלק, נישט אין די גלות־לענדער און נישט אין ישראל.

אין משך פון יאָרן האָט דער „לינקער לאַגער" נישט נאָר נישט געזען די סכנה, וואָס לויערט אויף דעם יידישן פאָלק פון דעם אַנטיסעמיטיזם נאָר ער האָט אויך נישט אָפּגעשאַצט זיין אויסווירקונג אויף דעם סאָציאַלן און גייסטיקן פּרצוף־פּנים פון דער מענטשהייט בכלל. די סאָציאַליסטישע טעאָרעטיקער האָבן געלעבט אין דער אילוזיע, אַז אַזוי ווי דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ באַגלייט־דערשיינונג פון דעם קלאַסן־קאַמף, וועט ער פאַרשווונדן צו גלייך מיטן פאַרשווונדן פון קלאַסן אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. זיי האָבן נישט געטראַכט וועגן דער סכנה, וואָס באַדראָט יידן אין צייטן פון רעוואָלוציעס און קאָנטררעוואָלוציעס.

אויך יידן האָבן געהאַט אַזאַ רויזיקן קוק אויף די ענינים. האָבן דען נישט די יידן פון דייטשלאַנד — באַזונדערס די ליבעראַלן און סאָציאַליסטן — געטראַכט אַז דאָס, וואָס איז געשען אין „באַרבאַרישע" לענדער קען נישט און וועט נישט געשען צווישן פעלקער פון „קולטור"?

היינט האָבן מיר „זוכה" געווען דערצו, אַז אַפילו קאָמוניסטישע מדינות באַנוצן זיך מיט אַנטיסעמיטיזם מיט דעם „סאָציאַליזם פון נאַראָנים", כדי צו דערגרייכן זייערע צווייפלהאַפטע צילן.

עס זענען פאַראַן פסיכאָלאָגן, וועלכע האַלטן, אַז די אַגרעסיוויקייט ליגט אין דער נאַטור פון מענטש. עס זענען ווידער פאַראַן אַנדערע וועלכע מיינען, אַז די אַגרעסיוויקייט איז אַ פּועל־יוצא פון אינערלעכע, זעלישע קאָמפּלעקסן. אַזוי אָדער אַנדערש, די יידן, ווי אַ מינדערהייט צווישן פעלקער האָבן אַלע מאָל געדינט אַלס אַ שעיר לעזאזל, אַ פּאַסיקער אָביעקט פאַר פאַנאַטישע אָנפאַלן. אויף דעם אַלגעמיינעם הינטערגרונט אונטערשיידן זיך די יידן פון אַנדערע מיט זייער פאַרשיידנקייט, העכערן ניוואָ, מיט זייערע באַשעפטיקונגען אד"גל. צווישן די פאָלקס־מאַסן גייט אַרום אַ לעגענדע וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער מאַכט פון די יידן און אין דער זעלבער צייט קען מען זיי פּאָגראָמירן און שלאָגן צוליב

זייער שוואַכקייט ווי אַ מינדערהייט און פאַרשידענע קרענקלעכע עלעמענטן פון דעם מערהייט־פאָלק קענען אָפּהאַלטן לייכטע פּערזענלעכע נצחונות. די יידן זענען דער קרבן פון יעדער רעאַקציע. נישט געקוקט אויף זייער אַקטיוון אָנטייל אין רעוואָלוציעס בילדן זיי דאָך אַ מכשול, ווייל זיי דינען אַלס אָביעקט פאַר העצע פון יעדער קאָנטררעוואָלוציע אַזוי אויך פאַר די פאַררעטער פון דעם רעוואָלוציאָנערן לאַגער גופא כדי אָפּצוווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון די מאַסן פון זייערע אייגענע נויטן און באַדערפענישן. פאַר דער טובה פון דער רעוואָלוציע און פאַר זייער אייגענער טובה איז געזונטער, אַז די יידן זאָלן זיך נישט אויסמישן צווישן די גויים און זאָלן נישט דינען אַלס אייל אויף די רעדער פון דער רעוואָלוציע און דער קאָנטררעוואָלוציע צוגלייך.

נישט נאָר אין די לענדער פון דעם סאָוויעטישן בלאָק באַציט מען זיך מיט אומדאַנקבאַרקייט לגבי די יידן, נישט געקוקט אויף זייער חלק אין דער רעוואָ־לוציע. אַזאַ דערשיינונג געפינען מיר אויך אין די דעמאָקראַטישע לענדער, למשל, אין די פאַראייניקטע שטאַטן מצד די נעגער — טראָץ דעם אַקטיוון אָנטייל פון די יידן אין דעם קאַמף פאַר אָפּשאַפן די דיסקרימינאַציע און פאַר גלייכבאַ־רעכטיקונג.

די אָרגאַניזאַציעס „סטודענטן פאַר אַ דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט" (ס.ד.ס.) און „דער קאָמיטעט פון סטודענטן קעגן טעראָר (ס.ט.נ.ק.), אין וועלכע יידן פאַרנעמען אַ בכבודיקן אָרט צוזאַמען מיט פאָרגעשריטענע נעגער און ווייסע — פאַרלאָזן ביסלעכווייז זייער קאַמף קעגן ראַסיזם און פאַרוואַנדלען זיך אין באַוועגונגען, וואָס שטיצן טעראָר „וואָס רייניקט", און אַפילו אַ אומגעקערטן ראַסיזם פון דעם „שוואַרצן כוח". די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס — צוגלייך מיט טיילן פון דעם „נייעם לינקס" — האָבן זיך צוגעאייגנט אַ סעלעקטיוון צוגאַנג — זיי באַציִען זיך מיט פאַרגיביקייט און פאַרשטענדעניש צו די רעזשימען פון אונטער־דריקונג אין כינע, אין דעם סאָוויעטישן בלאָק און טרעטן אַרויס זייער שאַרף קעגן דער דיסקרימינאַציע אין די מערב־לענדער. אין דער זעלבער צייט, זענען זיי פול מיט התפעלות פון די דיקטאַטאָרישע רעזשימען אין די אַראַבישע לענדער; זיי פאָדערן די רעכט פון די אַראַבישע פליטים אין דער זעלבער צייט זענען זיי גלייכגילטיק לגבי די ליידן פון די יידן אין די אַראַבישע לענדער; זיי געפינען נישט קיין וואָרט פון טאַדלונג קעגן די אַראַבישע מלחמה־פּלענער חרוב צו מאַכן ישראל און אין דער זעלבער צייט פסלען זיי די עקזיסטענץ־רעכט פון מדינת ישראל מיט איר דעמאָקראַטישער און סאָציאַל־פּראָגרעסיווער אָר־דענונג.

צום באַדויערן האָבן זיך אויך געפינען לינק־געשטימטע יידן, וואָס האָבן געגעבן זייער האַנט צו דער דאָזיקער אַנטיסעמיטישער און אַנטי־ישראלדיקער פּאָליטיק. זייער קרבן איז אָבער געווען אומזיסט. דער „שוואַרצער כוח" האָלט

אין איין וואַקסן און ער גיסט אויס זיין צאָרן אויף יידן — איינגעשלאָסן ליבעראַלן און פּראָגרעסיסטן, וועלכע האָבן כסדר געהאָלפן די נעגער אין זייער קאַמף. נאָכמער: זייער צאָרן איז באַזונדערס גרויס דווקא אויף די פון די ווייסע, וועלכע זענען געווען אַמאיבערגעגעבנסטן און אַמאַקטיווסטן אין דעם קאַמף לטובת זיי.

עס איז געקומען די שעה אַז די יידישע יוגנטלעכע פון דעם „נייעם לינקס" זאָלן עפּעס לערנען פון אָט דער דערפאַרונג. קודם כל דאַרפן זיי אין זיך גובר זיין די „שנאה צו זיך אַליין" וואָס האָט זיי דערווייטערט פון זייער פאָלק. די „שנאה צו זיך אַליין" מצד יידן איז אַ באַקאַנטע זאַך און פון זינט טעאָדאָר לעסינג האָט געשאַפן דעם דאָזיקן באַגריף האָבן זיך דערמיט פאַרנומען פיל פּסיכאָלאָגן און שרייבער. אייניקע האָבן געזען אין דער „שנאה צו זיך אַליין" אַ פּראָדוקט פון דורותלאַנגע פאַרפאָלגונגען און פון דעם מינדערווערטיקן מעמד פון וועלכע יידן האָבן געליטן אַלס אַ מינדערהייט אין זייערע גלות־לענדער. די יידן, וועלכע האָבן געליטן פון אַ מינדערווערטיקייט־קאָמפּלעקס, האָבן גע־וואָלט פאַרטושן דעם געפיל דורך לויבן און רימען די „ראַסע פון די הערן" און דורך באַציען זיך מיט ביטול און פאַראַכט צו זייער אייגענעם אָפּשטאַם.

די דאָזיקע שנאה צו זיך אַליין האָט אָנגענומען פאַרשידענע פאָרמען: איין עדה האָט זיך באַטראַכט אַלס מער מיוחסדיקער פון דער צווייטער (למשל: יידן פון ספרדישן אָפּשטאַם אין אַמעריקע האָבן זיך באַציגן מיט האַס צו די די יידן פון דייטשלאַנד, די יידן פון דייטשלאַנד — צו די יידן פון מזרח־אייראָפּע א. אז. וו.), ביז זיי האָבן זיך בכלל דערווייטערט פון יידן און פון יידנטום. געוויס זענען אויך צווישן יידן פאַראַן רייכע און אָרעמע, אונטער־דריקער און אונטערדריקטע. אָבער די מענטשן פון „לינקס", וועלכע שטאַמען פון יידן, האָבן נאָר קריטיקירט די נעגאַטיווע עלעמענטן אין זייער פאָלק און נישט געזען אַז אַזעלכע עלעמענטן זענען פאַראַן אויך ביי אַנדערע פעלקער. זיי האָבן נישט געזען די פאָלקס־מאַסן, וואָס זענען ראוי צו לעבן בכבוד אַלס אַ נאַציע און אַלס מענטשן. די יידן, וועלכע האָבן טאָג־טעגלעך זיך אָנגעהערט מיט די טענות פון די אַנטיסעמיטן קעגן יידן, האָבן זיך ביסלעכווייז צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז די יידן זענען טאַקע מינדערווערטיקער פון די גויים. דערפון נעמט זיך זייער שטרעבונג צו אַסימילאַציע, דערפון זייער סנאָביזם פון רעכטס, כדי נושא חן זיין אין די אויגן פון די גויים און ווערן גלייך מיט זיי, דערפון שטאַמט אויך דער אַנטיציוניסטישע און אַנטיישראלדיקע באַציונג מצד די יידן, וואָס געהערן צו דעם נייעם „לינקס".

נאָכדעם ווי די פּרוּוון פון זיך אַסימילירן מיט די גויים זענען נישט געלונגען, האָבן זיי זיך אָנגעכאַפּט אין דער פאַלשער תורה פון קאָסמאָפּאָליטיזם. דער דאָזיקער קאָסמאָפּאָליטיזם איז נישט מער ווי אַ אויסדרוק מצד אַ קליינער

גרופּע פֿון אינטעלעקטואַלן, וועלכע ווילן פֿאַרדעקן דעם נאַקעטן פֿאַקט פֿון זיין אויסגעוואָרצלט פֿון יעדער קולטור און פֿון שוועבן איבער פֿאַרשידענע קולטורן, נישט שלאָגנדיק אין קיין איינער פֿון זיי וועלכע נישט איז וואָרצלען — מיט דעם שיינעם אָבער אָפּנאַרערישן חלום פֿון אַ צעשווומענער מענטשהייט אָן פֿעלקער און נאַציעס. דערמיט באַשטעטיקן זיי נאָר דעם זאָג פֿון רוסאָ: „וועגן די, וואָס האָבן ליב די מענטשהייט ווייל זיי האָבן נישט ליב זייער פֿאָלק". אַלנפֿאַלס, קען נישט דער וועג פֿון די קאָסמאָפּאָליטן זיין די לייזונג פֿאַר די פֿאָלקסמאַסן, וועלכע לעבן אין אַ באַשטימטער נאַציאָנאַל־קולטורעלער ראַם און וועלכע קענען בילדן אַ טייל פֿון דער מענטשהייט נאָר אַ דאַנק זייער אייגענער נאַציע און קולטור.

דער סאָציאַליזם איז קיינמאָל נישט געווען קעגן נאַציאָנאַליזם; ער איז געווען קעגן שאָוויניזם. אָטאָ בויער האָט אָנגעוויזן אין זיין בוך: „די נאַציאָנאַלע פֿראַגע" — אַז דער פֿעאָדאַליזם און קאַפּיטאַליזם האָבן דאָס פֿאַרמינערט דעם געזעלשאַפֿטלעכן ווערט פֿון דער נאַציאָנאַלער קולטור־ און אַז נאָר אין אַ סאָציאַליסטישער אָרדענונג וועט די נאַציאָנאַלע קולטור זיין דאָס אייגנטום פֿון אַלע שיכטן פֿון פֿאָלק. דער סאָציאַליזם איז קעגן דעם אַבסטראַקטן קאָסמאָפּאָליטיזם, וואָס פֿאַרלייקנט דעם קיום פֿון לעבעדיקע פֿעלקער און איז פֿאַר אינטערנאַציאָנאַליזם און קאָאָפּעראַציע צווישן פֿעלקער.

## דער וועג צו ישראל

דער יונגער יידישער דור טאָר זיך נישט איזאָלירן פֿון זיין פֿאָלק און ער דאַרף זיך באַפֿרייען פֿון דער „שנאה צו זיך אַליין", שטאַרקן זיין נאַציאָנאַלן שטאָלץ און מיטהעלפֿן אין דער קאָנצענטרירונג פֿון זיין פֿאָלק אין זיין היסטאָרישן היימלאַנד, כדי אין אים צו שאַפֿן אַ נאָרמאַלע, פֿאָרגעשריטענע געזעלשאַפֿט און דורך איר זיך איינפֿלעכטן אין דער משפּחה פֿון פֿעלקער און פֿון סאָציאַלע באַוועגונגען, וועלכע קעמפֿן פֿאַר אַ וועלט פֿון גערעכטיקייט און שלום.

יידישע יוגנטלעכע פֿון דעם „אַלטן" און „נייעם" לינקס האָבן זיך געלאָזט פֿאַרפֿירן פֿון דער אילוזיע, אַז די וועלט־רעוואָלוציע איז נאָענט און ממילא וועט זי אויך לייזן די יידן־פֿראַגע. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז אַפֿילו, ווען די רעוואָלוציע וואָלט אַדורכגעפֿירט געוואָרן ווי עס דאַרף צו זיין, איז זי אויך דאָן נישט בכח גיך צו ענדערן די באַציונגען צווישן מענטשן און דער „איבער־גאַנגס־פּעריאָד" קאָן אָנהאַלטן דורות. נאָכמער איז דאָס אמת לגבי אַ רעוואָלוציע, וואָס איז געבויט אויף אומרעכט פֿון איר סאַמע באַגינען.

אין אַזאַ מצב קענען די יידן זיין אַ שטענדיקער קרבן פֿון רעוואָלוציע

און קאָנטררעוואָלוציע. עס איז, דעריבער, בעסער אַז די יידן זאָלן זיך אויס־קלויבן זייער אייגענעם נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן וועג — אין מדינת ישראל.

ווי געזאָגט, זענען פאַראַן יונגע יידן, וואָס זענען געשטימט אַנטיציוניסטיש. זיי האָבן נאָכנישט תופס געווען, אַז די שנאה פון די סאָוויעטן צו ישראל איז נישט קיין פועל־יוצא פון דער רעוואָלוציע, נאָר פון אירע פאַרקריפּלונגען און פאַרלוימדונגען. דער מקור פון דער דאָזיקער שנאה שטאַמט פון דער באַנייטער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק פון דעם צאַרישן רוסלאַנד און פון איר ווילן צו באַוועלטיקן דעם נאָענטן מזרח; זי נעמט זיך פון דער קעגנערשאַפט פון די קרעמל־הערשער לגבי דער פאַרבינדונג פון 3 מיליאָן סאָוויעטישע יידן מיט מדינת ישראל; פון דער נעגאַטיווער באַציונג פון מאָסקווע צו דעם דעמאָקראַטישן און קאָנסטרוקטיוון סאָציאַליזם אין ישראל, אַ סאָציאַליזם וואָס קען דינען אַלס ביישפּיל פאַר אַנדערע פעלקער.

אונטער דער השפּעה פון דער קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע זעט דער „נייער לינקס" אין ישראל אַ משרת פון אימפּעריאַליזם, אַן אַגרעסיווע מדינה א.אַז.וו. אין פאַרגלייך מיט דעם „פּראָגרעסיוון" כאַראַקטער פון די אַראַבישע מדינות. די דאָזיקע פּראָפּאַגאַנדע פאַרהוילט דעם פאַקט, אַז ישראל איז אַ דעמאָקראַטישע מדינה, אין וועלכער די פּאָליטישע העגעמאָניע געפינט זיך אין די הענט פון דער אַרבעטערשאַפט; אַז אין ישראל זענען נישטאָ קיין שום פרעמדע באַזן און אַז נאָר די אַראַבישע מדינות, וועלכע ווערן באַהערשט דורך טיראַנען און מלכים האָבן אויפגעצוווּנגען אויף ישראל אַ פאַרטיידיקונגס־מלחמה נאָך באַלד ביי איר אַנטשטיין און פון דאַן טראַכטן זיי און גרייטן זיך כסדר איר חרוב צו מאַכן.

זיי באַשולדיקן ישראל אין דער פראַגע פון די אַראַבישע פּליטים. דאָס איז דאָס ערשטע אָרט אין דער וועלט, וווּ עס האָבן זיך טראַנספאָרמירט טיילן פון דער באַפעלקערונג. אַנטקעגן דעם ½ מיליאָן אַראַבישע פּליטים, וואָס זענען אַנטלאָפן פון ישראל — זענען פאַרטריבן געוואָרן אַ ½ מיליאָן יידן פון די אַראַבישע לענדער און צוזאַמען מיט נאָך אַ מיליאָן יידישע פּליטים, געראַטעוועטע פון אומקום אין אייראָפּע — האָבן זיי געפינען אַ היים אין זייער לאַנד.

יידישע יוגנט, סטודענטן, אינטעלעקטואַלן א.ד.גל. איבער דער גאָרער וועלט, וואָס ווילן זיך נישט באַגנוגענען סתם מיט דעמאָנסטראַציעס און פּוטשן, וואָס ווילן נישט אָנגיין אַלס צווייטראַנגיקע בירגער אין די גלות־לענדער און אַלס נישט געוווּנטשענע שותפים אין באַפרייונגס־באַוועגונגען פון פאַרשידענע פעלקער — דאַרפן געפינען זייער וועג צו דער ישראלדיקער אַרבעט־באַוועגונג.

די ישראלדיקע אַרבעט־באַוועגונג האָט באַוויזן קלאָר און דייטלעך, אַז דער אַרבעטער־ציבור קען ווערן דער טרעגער פון דער נאַציאָנאַלער באַפרייונגס־באַוועגונג און אַרויפדריקן זיין חותם אויף איר; אַז מען קען אַדורכפירן

ווענטלעכע, געזעלשאַפטלעכע ענדערונגען אָן טעראָר; אַז צוגאָבלעך צו דעם פּריוואַט־אייגנטום און אויף זיין אָרט — קען זיך אַנטוויקלען און וואַקסן אַ גע־זעלשאַפטלעכע און קאָלעקטיוועווירטשאַפט; אַז די שטופנווייזע פאַרווירקלע־כונג פון סאָציאַליזם מוז נישט געמאַכט ווערן אויפן חשבון פון דער פרייהייט פון דעם יחיד און כלל.

דער פאַקט וואָס ישראל האָט באַוויזן — נישט געקוקט אויף די אויסער־לעכע און אינערלעכע שוועריקייטן — צו פאַרווירקלעכן וויכטיקע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע צילן, קען דינען אַלס קוואַל פון דערמוטיקונג פאַר דער פאַר־ווירקלעכונג פון דעם דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם אויך אין אַנדערע לענדער. עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס סטודענטן און דעלעגאַציעס פון אַזיע און אַפריקע באַזוכן ישראל, כדי צו לערנען פון אונדזער דערפאַרונג און דערפאַלגן וויאַזוי צו בויען אַ פאָרגעשריטענע געזעלשאַפט. דער פאַקט באַווייזט אויך ווי פאַלש און אויסגעטראַכט איז דער בלבול וועגן דעם, אַז ישראל איז מכלומרשט דער פיאָנער פון דעם מערבדיקן אימפּעריאַליזם.

ישראל איז מסוגל בייצוטראָגן איר צושטייער לטובת דעם שלום און דעם דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם מיט דער הילף פון דעם כח, וואָס שלומערט אין יידישן פאָלק און דער אונטערשטיצונג פון די אינטערנאַציאָנאַלע שלומליבנדיקע כוחות פון דעם דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם אין דער וועלט.